ק. צעטניק



# דער זייגער וואָס איבערן קאָפ

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל
1961

## עטאַפּן:

# זון אויף דער פארק־גאס

אין די גרויסע שויפֿענצטער פֿון „פֿיליפּס" גלאַנצט דער ניקל פֿון די אַרויסגעשטעלטע עלעקטרישע מכשירים אַקעגן דער זון. שטייענדיק דאָ, אינעם ווינקל פֿון סקווער, פֿאַלט דיין בליק גלייך צו דער טיף פֿון דער פּאַרק־גאַס. איבער דיין קאָפּ הענגט דער גרויסער רונדיקער זייגער: פֿינף מינוט צו ניין! ביי אונדז אין שטאָט שטעלן אַלע אָן די זייגערס לויט דעם עלעקטרישן „פֿיליפּס"־זייגער.

זון אויף דער פּאַרק־גאַס פֿון מעטראָפּאָלי.

די קרוינען פֿון די צוויי שורותביימער זענען איבערגעצויגן מיט גאָלד ווי די זון וואָלט זיי אָנגעשמירט מיט אַ פּענדזל. וואָס איז אַ וווּנדער? סוף־סוף שטייט מען שוין אין ערב סעפּטעמבער. רייס אַראָפּ פֿון קאַלענדאַר אַ בלעטל, און נאָך אַ בלעטל, און נאָך אַ בלעטל, האָפּטו: 1.9.1939. ביי אונדז, אין פּוילן, קאָן מען שוין דרייסט זאָגן: ברודערקע, ס'איז די צייט פֿון בלעטער־פֿאַל...

זון אויף דער פּאַרק־גאַס. נאָר מענטשן גייען סיי אויף דעם טראָטואַר לינקס וואָס איז פֿאַרגאָסן מיט זון, און סיי אויף

דעם טראָטואַר רעכטס, וואָס איז פאַרהאַנגען מיט אַ שאָטן פון די הייזער ווי מיט אַ לאַנגן שירעם־לייוונט. אינדערפרי, אַז דו גייסט אַרויס פון שטוב, כ'לעבן, קאָן נישט שאַטן אַביסל זון, בפרט אַז באַלד וועסטו ווידער אַריין צווישן ווענט פון דיין אַרבעטס־פּלאַץ.

סוחרים קומען אָן פון דער האַנדלס־גאַס, זיי הויבן אויף די אויגן צום זייגער וואָס איבער דיין קאָפּ, און אײַלן ווייטער צום פּאָסט־אַמט. אויף די טרעפּלעך, ביים אַריינגאַנג, דרייען צו זיי די אַרויסגייענדיקע מיט די קעפּ: נישטאָ נאָך וואָס אַריינצוגיין! שוין דער צווייטער טאָג ווי די פּאָסט־פאַכן זענען לער. פונדעסטוועגן גייען זיי פאָרט אַריין. אויף צוריקוועגס גייען זיי שוין פּאַמעלעכער. די פּיס טראַכטן. קאָנסט אָנרירן די אומצופרידענע אומגעדולדיקייט אויף זייער פּנים. אַ שטייגער, אַ צוזאַמענגעלאָפן אין גאַס פאַרשטעלט דיר פּלוצלינג דעם וועג. ס'גייט דיך נישט אָן וואָס דאָרט איז געשען. אָבער ווייטער גיין קאָנסטו פאָרט נישט.

דער שפּאַציר־וועג צווישן די צוויי ביימער־שורות איז כמעט ליידיק. דער קליינער מאָני לויפט אויף זיין ראָווערל ווי אַ טייוול: — העי, מאָני! דו וועסט היינט מאַכן אַ שפּאָר ביסל קילאָמעטערס!...

— דער קליינער דרייט־אויס, פאַרבייפליענדיק, דעם קאָפּ: יאָ, מיין הער! איבערמאָרגן הויבט־אָן די שול!

ריכטיק, מאָני, איבערמאָרגן אין דער יעצטיקער צייט וועסטו נישט קאָנען אַרומפליען אויפן ראָווערל. נוץ־אויס דיין צייט.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

אויף די ברייטע מאַרמאָר־טרעפּ פון קרייז־געריכט גייען פּיס אַרויף־אַראָפּ, מ׳קאָן זאָגן ווי נעפּטן־אייערנעכטן. אין פראָנט, איבערן הויפּט־אַריינגאַנג, שטייט די געטין פון גערעכטי־קייט און זי וועגט מיט פאַרבונדענע אויגן די ווייסע ליכט פון טאָג אויף איר וואָגשאָל.

די פאַמיליע שאַצקעס קערט צוריק פון דער באַן־סטאַציע באַלאָדנט מיט שווערע וואַליזקעס אין די הענט. זייערע קינדערלעך, דאָס קליינוואַרג, האַלטן זיך איינער ביים הענטל פון אַנדערן. זיי ציִען זיך נאָך זייער טאַטע־מאַמע באַלכסון איבער דעם סקווער. פון קיין שום זייט דראָט דיר היינט נישט קיין סכנה פון ראָד־פאַרקער. זייערע אויגן הויבן זיך צום היימישן באַקאַנטן זייגער; ס׳האָט נישט קיין זין צו וואַרטן לעבן דער באַן־סטאַציע. מענטשן וואַרטן שוין דעם צווייטן טאָג און קיין סימן פון קיין באַן איז נישט צו זען. מ׳זאָגט אַז די וועגן זענען פאַרלייגט מיט המונים. ווער קאָן דיר היינט ראַטן? און וואוּהין וועסטו זיך שלעפּן מיט פּיצלעך קינדער?

מאָני לויפט־אָן ווי אַ ווינט. ער שטעלט אַראָפּ אַ פוס פון ראָווער ווי אַ ברעקס. ער הייבט־אויף די אויגן צום זייגער און קאָן נישט פאַרשטיין: געווייינלעך, אין דער איצטיקער צייט, זיצט שוין פרוי דאָקטאָר לואיכאָן אויפן גאַניק: „מאָנקעלע גאָלדנס!" — רופט זי. און אַ טעוועלע „סושאַרד" פליט צו אים אין די הענט אַריין.

— פרוי דאָקטאָר! פרוי דאָקטאָר! — רופט דאָס יינגל צום גאַניק, און דער גלאַנץ אין זיינע אויגן טראַכט און וועגט:

ק.
צעטניק

אפשר נישט געדאַרפט רופן? ווען ער מאַכט נאָך איין רונדע, צוריקקומענדיק וואָלט ער שוין געפונען פרוי דאָקטאָר לואיסאָן אַ זיצנדיקע אויפן גאַניק. אַ גוטער טאָג היינט אויפן שפּאַציר־וועג. כמעט נישטאָ קיין מענטשן. בלויז פּלייצקעס פון צוציקלעך, אַרום די זאַמד־גריבלעך. — פרוי דאָקטאָר!... פרוי דאָקטאָר!...

— מאָנקעלע, גאָלדנס! — אויף דעם וויס־פאַרפלאָכטענעם האָר־קאָקס פון פרוי דאָקטאָר לואיסאָן זיצט אַ שוואַרצינקער רייזע־הוט — היינט מוזטו מיר מוחל זיין. ווייסט נישט, גאָלדנס, אַז אַ מלחמה קומט פאָר ביי דער גרענעץ? לויף אַהיים, מאָנקעלע. בעסער היינט צו זיצן אין שטוב.
פאַרביי־גייער בליקן אַרויף צום גאַניק מיט שטומע, ברוגזע אויגן: מענטשן מאַכן אַ פּאַניק! צי איז עס דען דער ערשטער פּאַטראָלן־צוזאַמענשטויס דאָרט אויף דער גרענעץ?
דאָס יינגל כאַפּט זיך אַרויף אויפן ראָווער. דער ווינט בלאָזט אָן דאָס העמדל אויף זיין פּלייצע: — „אין שטוב"?
אָ, ניין!... איבערמאָרגן הייבט זיך אָן די שול, פרוי דאָקטאָר!
פון באַר־פּאָלסקי קומט אַרויס אַ מיליטער־מאַן אויף וואַקלענדיקע פיס, אַ פלאַש וואָדקע אין זיין אויסגע־שטרעקטער האַנט. די זון גלאַנצט אויף דעם העל־לעדערנעם פּאַסעק פון זיין מונדיר. אַ שפּאָגל־נייער פּאַסיק. ער זוכט די ערד, אויף וועלכער ער דאַרף שטעלן דעם קומענדיקן טראָט און כאָרכלט אויפן העכסטן טאָן דעם נייעם מיליטערישן שלאַגער:

דער זייגער
האָס
איבערן קאָפּ

אויב מיר וועלן אָנהויבן די מלחמה אינדערפרי —
וועלן מיר עסן מיטאָג אין בערלין — —
אוי, אוי, אוי, מיטאָג אין בערלין...

דער אויבער־קעלנער שטייט אין דער אָפּענער טיר פון באַר. ער קוקט צום סאָלדאַט מיט אַ צעשמייכלטן רונדיקן פּנים. די זון כאַפּט זיך אַרויף אויף די אַטלאַס־גלאַנציקע קלאַפּעס פון זיין שוואַרצן סמאָקינג, קלעטערט אויף די איינצלנע אַרויפגעבאַרשטע האָר וואָס אויף זיין גלאַנציקן קאָפּ. ער איז שטאָלץ. דער מיליטערישער שלאַגער רייצט אין אים העראָישע קאַמפּסלוסטיקייט. דאָס לידל טראָגט זיך איבער דער פּאַרק־גאַס, איבערן סקווער. פון אַלע זייטן קוקט מען צום סאָלדאַט. אַלע אויגן זענען צו אים געווענדט מיט סימפּאַטיע. פאַרבייגייער מאַכן פריי דעם וועג פאַר זיינע וואַקלדיקע טריט. די לופט איז אָנגעפּאָמפּעט מיט שפּאַנונג, האַזאַרד, און זעלבסט־אויפאָפּפערונג.

„— — אוי, אוי, אוי, מיטאָג אין בערלין..."

פון שול־געסל קומט־אָן אַ ייד. ער דריקט דעם טלית־תפילין זאַק הינטערן אָרעם. הויבט נישט אַרויף די אויגן. ער און זיין באַשעפער. די שטערן־קנייטשן ציען זיך ווי האַרמאָניקע־פאַלדן ביז אין זיינע פּיאות און באָרד. פון דער אַקייגנ־איבערדיקער גאַס קומט אים אַקייגן איינער אין הויכע שטיוול, לעדער־קורטקע. דער ייד דערפילט די סכנה אין אָפּהילך פון די דערנעענטערנדיקע שטיוול־טריט. ער שאַרט זיך אַראָפּ פון טראָטואַר און מיידט אויס דעם אָנפאַלער.

„די יידן האָבן פאַרקויפט דאָס לאַנד צו היטלערן!" — שאַלט אַרויס דער באַשטיוולטער צו די פאַרבייגייער ווי אַ מאַסן־רעדנער. דער שיכורער מיליטער־מאַן דערנענטערט זיך צו אים, לייגט אַרויף די האַנט מיט דער פלאַש וואָדקע איבער זיין אַקסל: „ריכטיק! — זאָגט ער — גאָלדענע ווערטער! די יידן גרייטן צו אַ מלחמה קעגן היטלערן!"... דער מאַסן־רעדנער טוט אַ פיר מיט דער האַנט איבער דער גאַנצער פאַרק־גאַס: „אָט די אַלע דאַרף מען אויסראָטן, וועט נישט זיין קיין מלחמה!"...

אויפן האָריזאָנט בלויט דער רויך פון פאַבריק־קוימען פון די „ברידער גוטשיין". קאָלירט בעטציינג בייכיקט זיך אויף געעפנטע פענצטער פונוואַנען עס טראָגט זיך פרימאָרגן־ריטם פון שטיבער־אויפרוימעריי. פרויען־הענט קלאַפן אויף פוכיקע קישנס, און די געשרייען פון רעניאַ זיידנער — די 14־יאָריקע שילערין וואָס קריגט זיך מיט איר מוטער פאַר נישט דערלויבן איר פאָרן מיטן שול־אויספלוג — שיטן זיך פון אָפענעם פענצטער אין גאַס אַריין.

„ראָז מאַרי אויף דער וועלט..." — זינגט דאָס הויז־מיידל אויף אַ באַלקאָן בשעתן קלאַפן דעם טעפיך.

— אַ שיינער פילם? — פרעגט דער חלל פון אָפענעם אַקייגנ־איבערדיקן פענצטער.

— אייל דיך צו! איבערמאָרגן דער „ערשטער" — מען טוישט דאָס פראָגראַם אין קינאָ.

אויפן גרויסן רונדיקן „פיליפס"־זייגער שטייען די ווייזער

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

ווי הענט פון אַ פּאַרקער־פּאָליסמאַן בשעת ער פאַרהאַלט דעם פּאַרקער אַקייגן זיין פּנים און לאָזט אים שטראָמען צו אַ זייט.
אַקוראַט: — 9.

אין אונדזער שטאָט ציען אַלע אָן די זייגערס לויט דעם עלעקטרישן „פּיליפּס"־זייגער. דאָס געדויערט אייגנטלעך אַ רגע. נאָר אַז דיין בליק פאַלט אויף די צוויי שורות ביימער פון דער פּאַרק־גאַס, קאָנסטו אים פון דאָרט נישט לייכט אָפּרייסן. נאָך אַלעמען איז דאָך דאָ געשטאַנען דיין וויג — —

ערשטער עטאפ:

# די מענער
# פון דער שטאט מעטראפאלי

ערד.

פופצן מענער גראָבן אַ געמיינזאַמען גרוב אין דער ערד.

פופצן מענער שטייען אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה,

אַ מעטער אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן —

זיי גראָבן.

די זון ליגט, פליצעדיק, אויפן שאַרף פון דער שופל. ביי דיין

יעדן שופל־אַריינזעץ — באַגראָבסטו די זון אין דער ערד.

נאָר ביי דיין יעדן ערד־אָפּווארף — שווימט זי ווידער קאַפּויער

אויפן שאַרף פון שופל —

צעשטראַלטער ווי פריער.

אינעם רעפלעקס, אַקייגנאיבער דיינע אויגן: שטיוול. אַ שורה

שטיוול. העכער פון די שטיוול — הויזן. גרינלעכע הויזן.

העכער — ווייסע הענט. זיי האַלטן אויסגעשטרעקט מאַשין־

ביקסן —

— נישט אויפהייבן די אויגן!!

ק.
צעטניק

רערן פון ביקסן זענען אָנגעשטעלט צו דיר.
הינטער דיר שטייען זיי אויסגעשטעלטע, די מאַסן, די מענער פון מעטראָפּאָלי. בשעת דו בייגסט דיך אַראָפּ טיפער, כדי פלייסיקער אויפצוהייבן דיין שופל, קאָנסטו זען דורך דעם לאָך פון דיין אָרעם־אויסבויג — זייערע פיס. אַ צוזאַמענגע־דריקטע מאַסע פון פאַרשידנאַרטיקע פיס. קיין איינער פון די פיס וועט זיך נישט אַרויסרוקן און נישט אַריינרוקן, ווי עס וועט זיך נישט אַרויסרוקן און אַריינרוקן אַ געפּרעסטער טייטל פון זיין בשותפותדיקן צוזאַמענגעפּרעסטן פירקאַנט.

דער פּחד האָט זיי צוזאַמענגעשווייסט.

די מענער פון מעטראָפּאָלי. דו קענסט זיי. פון צווישן זיי האָט מען דיך איצט אויסגעקליבן. דו גראָבסט דיין גרוב. און זיי קוקן.

פופצן מענער גראָבן אַ געמיינזאַמען גרוב. דו ביסט צווישן די פופצן.

ערד.

אַט איז זי — די ערד. דער פּחד וויל דיך נאָך אָפּרייסן פון איר. נאָר דו ווייסט: זי איז דיין! באַלד וועסטו ליגן אויף איר. זי אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר. דו זעסט זי. דיינע אויגן קוקן צו איר. קיינער אויף דער אויבערפלאַך וועט דיך איצט נישט זועלן נעמען צו זיך. בלויז זי, די ערד. זי וועט דריקן צו זיך דיין פּנים.

ערד.

פאַרשידנאַרטיקע ערד. ביי דיין שכן איז זי שוואַרץ; ביים שכנס שכן איז זי רויטלעך. ביי דיר איז זי ברוינלעך. די

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

וויסט: דו געפינסט זיך אויף דער ערד פון דעם פאַבריק־שטח „געברידער גוטשיין"; דו וויסט: אויף די דעכער פון אַלע פיר זייטן זענען צו דיר אָנגעשטעלט רערן פון מאַשין־געווער. דיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען אויף אָט דעם פלאַץ צו טרעטן. פרעמדע פּריוואַטע ערד. איצט איז זי דיר מער נישט פרעמד. אונטער דעם ערשטן שיכט איז זי אומעטום די זעלבע ערד.

— שנעלער! איך קאָם דיר גלייך העלפן! — שרייט אַ דייטש קול צו דער שורה.

אַ פּאָר שטיוול דערנענטערן זיך. דאָס ערשטע מאָל אין דיין לעבן זעסטו שטיוול פון אַ דייטשן סאָלדאַט. קאָנסט דיר נישט העלפן אַקעגן דעם אַדורכפליענדיקן געדאַנק: „פּוילישע שטיוול זענען עלעגאַנטער...". זיינע הענט נעמען פון איינעם די שופל. ער בייגט זיך איין, אַ שטייגער ער וויל ווייזן דעם הינטערשטעליקן ווי אַזוי מען דאַרף גראָבן. דער שופל־דערלאַנגער שטייט און קוקט. זיין פּנים דריקט אויס סיי דאַנקבאַרקייט און סיי רחמנות צו דער דאָזיקער דאַנקבאַר־קייט. פלוצלינג: די שופל־שאַרף טוט אַ בליץ אין דער לופט, האַקט זיך אַריין מיט פולער קראַפט גלייך אין זיין מויל:

„איך קאָם דיר גלייך העלפן"!...

און שלאָגט רציחהדיק.

„איך קאָם דיר גלייך העלפן"!...

„איך קאָם דיר..."

פון דער ערד ווערט צוריק אויפגעשטעלט אַ ווילד באַשעפעניש.

צוויי אַרויס.עזעצטע אויגן, הענגענדיקע לעבן ראַנד פון אַ בלוטיקן שטראָם. אַ רויט אויפגעריסן מויל — און קאָן פאָרט נישט אַרויסברענגען קיין קול. ער שפּרינגט און טאַנצט ווי ס'שפּרינגען די געשרייען הינטער די ווענט פון זיין האַלדז, ווילן אַרויס און קענען נישט.

אויף דער צווייטער זייט גרוב, אַקעגנאיבער דעם באַשעפעניש, הויבט זיך אַ פנים מיט אַ פול מויל געלעכטער צום הימל. יעדעס מאָל, פאַר אַ נייעם געלעכטער־אויסברוך, בשעת זיין קאָפּ גלייכט זיך אויס נאָכאַמאָל אַ קוק צו טאָן אויף זיין באַשאַף, זעסטו: אונטער אַ העלם — ברילן־גלעזער אין דינער גאָלד־פאַסונג; אַ העל פריש־אויסראַזירט פנים; פולע ליפּן. פולע באַקן. בלוט און מילך — דאָס פנים פון אַ יונגן לערער אין אַ פאָלקס־שול.

זיי שטייען איינער אַקעגן דעם אַנדערן. הינטער איינעם — אַ שורה לאַכעדיקע העלמען, אויסגעשטרעקטע ביקסן. הינטער דעם אַנדערן — די מענער פון מעטראָפּאָלי, אַ צוזאַמענגע־פּרעסטער פיר־עק.

אַ לענגלעכער גרוב טיילט אַדורך צווישן זיי.

— שנעלער! שנעלער!!

דער טויט שפּרייזט אַרום דיר, קוקט אויף דיר, באַטראַכט דיך.

דאָס באַשעפעניש ווערט אַוועקגעשלעפּט ביי די פיס הינטער דער וואַנט פון דעם נאָענטסטן פאַבריק־באַראַק. אַן איינציקער שאָס־קנאַל שטילט איין די ווילדע אומקלאָרע קולות, וואָס האָבן זיך געריסן דורך די ווענט פון זיין האַלדז. אַ צווייטער

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

איז געוואָרן אַוועקגעשטעלט אויף זיין פּלאַץ. די זון ליגט פּלייצעדיק אויף דער שאַרף פון אַ רויט־קלעפּיקער שופל.

— דרעק־זעקע ! שנעלער ! !

שאָפן פייערן פון די רערן אַקייגנאיבער דיינע אויגן. דו לעבסט ! דיין שופל אַרבעט ווייטער. אַלע שופלעס אַרבעטן ווייטער. די קוילן פליען בלויז איבער די קעפּ. צי זענען זיי געצילט צום צוזאַמענגעפּרעסטן פיר־קאַנט הינטער דיר ?

דו קוקסט דורך דעם אָרעם־לאָך : פּיס שטייען דאָרט ווי פריער. שטייען און שווייגן.

דו קאָנסט זיי. דאָס זענען די פּיס פון די גרויס־סוחרים פון דער האַנדלס־גאַס. די, וואָס האָבן געוווסט, אַז פּיקחות און האַנדלס־שאַרפקייט זענען זייער אום־איינגעמבאַרע פעסטונג ; די, וואָס האָבן געהאַלטן הינטער שווערע מאַסיווע טירן פון אייזערנע קאַסעס זייער יעדע רגע.

דו קאָנסט זיי — פּיס פון באַרימטע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן פון דער אַלייע־גאַס. די, וואָס האָבן געוווסט, אַז נאָר אַ דועל קאָן משפּטן ביי דער מינדסטער באַליידיקונג פון זייער האָנאָר.

פּיס פון טרעגער און פּאַקער. די, וואָס זענען געשטאַנען אויף רווישיקע האַנדלס־ראָגן מיט דיקע שטריק אַרום די לענדן, אָנגעשפּאַרטע נעבן מויערן ווי אונטערשפּאַרנדיקע זיילן־פונדאַמענטן.

פּיס פון בעלי־עגלות און קצבים. די, וואָס האָבן געוווסט, אַז דער דראָטענער כוח פון זייערע מוסקולן איז אַ גענוגנדיקער באַווייז, אַז זיי זענען גערעכט.

כים פון בלאַטע אונטערוועלטניקעס, פלינקע פאַרשווינען ווי
די שפּרינג־מעסערס אין זייערע קעשענעס — —

אָ, דו קענסט זיי אַלע. דאָס זענען זיי דאָך, די מענער פון דער
שטאָט מעטראָפּאָלי.

זיי קוקן און שווייגן.

שאָסן פייערן איבער דיין קאָפּ: „שנעלער!” „שנעלער!”.
אינסטינקטיוו כאַפּט זיך די שופל צוריק: אַ
ווערעמל געפינט נישט דעם וועג צו איר היים,
און עס איילט דערשראָקן אונטער דער שאַרף פון
דער צוריקגעכאַפּטער שופל אין דיינע הענט. שאָסן פייערן
איבער דיין קאָפּ: „שנעלער!”. „שנעלער!”. און דאָ האָט
דאָס לעבן צו דיר פלוצלינג אַ בלענד געטאָן פון דער ערד.

לעבן!

פאַרוואָס גראָבסטו מיט דיינע אייגענע הענט דיין גרוב?
שטעל־אויס דעם שאַרף פון דער שופל ווי אַ ביקס! שפּרינג
אַריבער דיין גרוב, און —

אויגן קוקן צו דיר פון דער ערד; אויגן וואָס דו האָסט
איבערגעלאָזט אין שטוב, וואַרטנדיקע אויף דיין צוריקקער —
„אַלע מענער הערויס!”

„מענער, וואָס וועלן ווערן געפינען אין די הייזער, ווערן
געשאָסן!”.

האָסט דיך אַ ריס געטאָן פון אירע פאַרקלאַמערטע אָרעמס;
האָסט זי איבערגעלאָזט מיט איר פויסט אין אויפגעריסענעם
מויל, כדי צו פאַרשטאָפּן דעם שריי, בשעת די אַנדערע

האַנט, אַן אויסגעשטרעקטע, איז אויסגעצויגן נאָך דיר. נאָך דיר.

איצט קוקן צו דיר אירע אויגן פון דער ערד און ליימען דיינע הענט דו זאָלסט זיי נישט קאָנען אויפהויבן מיט אַ שופל אַקעגן דער שורה אויסגעשטעלטע ביקסן.

אָט איז עס דאָס לעבן! עס שרייט צו דיר פון דיין אייגענעם גרוב: לעב! גראָב און לעב!

אָט איז עס, דאָס לעבן! צי הערסטו זיין שרייען:

„געליבטער, טו עס נישט אַז דו זאָלסט זיך צו מיר נישט קענען מער צוריקקערן!"...

„אָ געליבטער, טו דאָס נישט מיט דיינע אייגענע הענט!"...

„אַזוי לאַנג ווי דו גראָבסט — לעבסטו!"...

„גראָב און לעב!"...

אָט איז עס, דאָס לעבן! אָט אַזוי שרייט עס אויך אין אויערן פון די אַלע, וואָס שטייען דאָרט הינטער דיר, צוזאַמענגעפּרעסטע.

אין די אויערן פון יעדן איינעם באַזונדער.

בשעת דו בייגסט דיך אַראָפּ טיפער, כדי אויפצוהויבן פלייסיקער די ערד אויף דיין שופל, — קאָנסטו זען דורך דעם לאָך פון דיין אָרעם־אויסבויג, זייערע פיס. טויזנטער און טויזנטער פיס — שטייען און שווייגן.

„אַלע מענער הערויס!"

יעדער פון זיי איז אַרויס פון זיין הויז, און נאָך זיך איבערגעלאָזט: אַ היים, אַ פרוי, אַ קינד. דו קאָנסט זיי —

ק.
צ ע ט נ י ק

די מענער פון דער ערשטער איינגענומענער שטאָט, געציילטע קילאָמעטער פון דער דייטשער גרענעץ, געציילטע טעג נאָכן אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט־קריג.

קיינער פון זיי האָט נישט באַליידיקט, נישט איצט און נישט קיינמאָל, קיין דייטשן סאָלדאַט. „אַלע מענער הערויס!" ערשט איצט זעען זיי צום ערשטן מאָל סאָלדאַטן פון היטלערס אַרמיי.

דו קאָנסט זיי, די מענער פון מעטראָפּאָלי. זיי שטייען, קוקן, און שווייגן.

פּלוצלינג באַפעל־געשריי:

— שופלען צו ערד!

— רוקנס צום גרוב!

שאָסן קנאַלן־אויס אַ זאַלפּ הינטער דיין רוקן. ניין! דו ביסט נישט געפאַלן. קיינער אין דער שורה איז נישט געפאַלן.

— דריי טריט פאָרויס!

די טריט־באַוועגונגען פון דיינע פיס וועקן אין דיר אויף דעם ווייט פון לעבן, וואָס שיידט זיך איצט פון דיר. דו שעמסט דיך פאַר דעם ים אויגן, וואָס קוקן צו דיר. זיי קענען דיך. דו שעמסט זיך צו קוקן אין פּנים פון דיין לעבן. און דו גופא ביסט איצט דער וויי פון דיין לעבן. באַלד וועלן אַלע זען ווי דאָס אינטימסטע, דאָס פאַרבאָרגנסטע, וועט אַרויס פון דיר. דו וועסט ליגן אויף דער ערד, אַקעגן ליכט פון טאָג, אַלע וועלן קוקן. וועסט אַפילו נישט קאָנען צודעקן דעם אויסקרום פון דיין געעפנטן מויל. און דו, אַ דערוואַקסענער מענטש, מאַכסט דריי שריט פאָרויס, ווי באַפוילן.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

דריי שריט צוריקטרעטן!

נישטאָ מער גאָרנישט. הייזער, הימל, ערד, אַלץ פאַרשווינדט. דיינע אויגן זענען איצט אַריבער אין דיין רוקן. דיינע אויגן זיצן אין דיין פּלייצע. דאָרט, אויף דעם אָרט פונגוואַנען עס קוקט צוריק דיין לעבן צו די רערן פון די ביקסן און דריקט צו זיך דיין לעצטן אָטעם ווי אַ מאַמע איר קינד.

נישטאָ איצט גאָרנישט. גאָרנישט. בלויז דאָס אָרט אויף דיין פּלייצע. דאָרט ווו די קויל וועט אַריין.

— שופלען אויף אַקסלען!

אַ שורה פון פּופּצן מענער מיט שופלען אויף די אַקסלען שטייען איצט אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט ווי אויף אַ פּאַראַד. צווייטע ריי פון פּופּצן מענער ווערן אויסגעשטעלט מיט די רוקנס צום גרוב.

— דריי שריט פאָרויס!

... די דייטשן טרייבן שפּאַס. שפּילן זיך מיט אונדזער שרעק. דו זעסט דאָך ווי שאָסן פליען בלויז איבער די קעפּ. קאָנסט שטעלן דיינע פיס זיכערער, הייטערער. נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. דו האָסט שוין דעם זעלבן ספּעקטאַקל געזען ביי דער פריערדיקער שורה. ס'איז שפּאַס.

— דריי טריט צוריקטרעטן!

„צוריקטרעטן?" — זאָל זיין צוריקטרעטן. ס'איז שפּאַס. און ווען אפילו איר שי — — —

פּופּצן מענער ווי שלאַנקעביימער. פּופּצן לעבנס ליגן אינעם אויסגעגראָבענעם גרוב. דו קוקסט אויף דער ערד, וואָס דו שופלסט אויף זיי — אויך זי, די ערד, האָסטו געקענט.

ק.
צעטניק

אַן אויטאָ פאָרט אַריין אינעם פאַבריקס־שטח, דערנענטערט זיך. אַן אָפיציר שטייגט אויס. דו וואַרפסט די שופלעם ערד, נאָר די ערשטע שופל אויפן פנים פון דיין באַקאַנטן קאָנסטו נישט וואַרפן. דיינע אויגן הענגען אויף דעם פנים. פלוצלינג שווימט אין דיר אַרויס די פראַגע: פאַרוואָס האָבן זיי דאָס געטון?

— הייל היטלער! — דאָס פנים פון יונגן פאָלקסשול־לערער מעלדעט:

— פופצן נידערגעשאָסן. איינער באַשטראָפט!

פאַרוואָס האָבן זיי דאָס געטון?

— הייל היטלער!

„הייל היטלער!" צוויי ווערטער אַ מאָרד־פּאַראָל. צי איז מעגלעך אַז אַ גאַנץ פאָלק — —

מיטן־טאָג. די זון ליגט נאָך פלייצעדיק אויף דער שאַרף פון דיין שופל. באַלד וועט דער גרוב ווידער זיין פול.

דו ביסט פונדרויסן. אויף דער אייבערפלאַך. אַ צווייטער ליגט אין גרוב. ווער איז מער פריי?

דו שטייסט אויף דער אייבערפלאַך. ביים ערשטן ברידער־קבר. אין דער ערשטער דעראָבערטער שטאָט. געציילטע טעג נאָכן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. הינטער דיר שטייען צוזאַמענגעפּרעסטע —

די מענער פון דער שטאָט מעטראָפּאָלי.

צווייטער עטאפּ:

# אלטן־אקציע

אויף ביידע זייטן הויפּטגאַס שטייען די שנײ־קערער ווי אַ שפּאַליער — אַן „אַלטן־אַקציע" גייט פאַרביי.

מען פירט זיי צו די וואַגאָנען.

אין דער נאַכט איז געווען אַן „אַלטן־אַקציע" אין געטאָ. מען האָט זיי צונויפגעזאַמלט פון די שטיבער און פון די אַלטן־היימען. מענער און פרויען. אַלע. אַלע. מען האָט זיי אַרויסגעריסן פון געלעגערס און פון פאַרקלעמטע אַרומי־אָרעמדיקע הענט פון זייערע דערוואַקסענע קינדער.

איצט גייען זיי צו די וואַגאָנען.

פון ביידע זייטן שטייען די שנייקערער; די וואָס ווערן אַרויסגעפירט פון געטאָ צו רייניקן דייטשע גאַסן און וועגן. די הילצערנע שנײ־גראַבליעס האַלטן זיי אויפגעשטעלטע לעבן זיך. זיי לאָזן פאַרבייגיין די „אַלטן־אַקציע".

דער טאָג שטייט ווי אַ ווייס־פּראָסטיקער אַלבאַסטער. זיי גייען אין אים.

ווייס אַרום זיי. ווייסער, רונדיקער שווייגן ווי רייפן אַרום

און אַרום. מען הערט בלויז דעם קריץ פון די פיסטריט אויף דעם טרוקענעם געפריר פון גלאַטן אָפּגעשאָבענעם שניי.

שנייִיקע שטילקייט אַרום און אַרום. ווייסער געשוויג. זיי גייען אין דעם דורכזיכטיקן געשוויג ווי אין אַ גלאָזיקן טונעל.

ווייסער לעצטער גאַנג —

זיי גייען: פּאָרלעך — געאָרעמטע, הויכע, שלאַנקע. ווי דער ווייסער פּראָסטיקער גלי פון זייער לעצטן גאַנג וואָלט פּלוצלינג אויסגעגליכט זייערע רוקנס, ווי עס גלייכט־אויס פּלאַם איינגעבויגענע שפּענער.

זיי גייען: ווייס פּאַרזיגלטע פּנימער; אויסגעשטרעקטע קעפּ; בליקן איינגעשטאָכענע צום גלימערדיקן ווייט פון גלאָזיקן האָריזאָנט; צום רונדיקן, ווייסן סוף פון טונעל — ווו עס וואַרט דער טויט.

אַליק איז צוגעדעקט מיט בלענדיקן ווייסן געשוויג. אויסגע־שפּרייט און פּאַרהאָנגען לכבוד זייער לעצטן גאַנג. דער שניי האָט מער נישט אויף וואָס צו פאַלן.

זיי גייען אין מיטן וועג. פּרויען געפירט פון מענער. מענער געפירט פון פּרויען. זיי טראָגן דעם ווייסן טויט אויף די קרישטאָלענע בליקן פון זייערע אויגן. זיי טראָגן אים מיט לאַנגזאַמע, מאַיעסטעטישע טריט. דער טאָג גייט פון פאָרויס — אַ לייַדיקער, ווייסער קאַטאַפאַלק, געשפּאַנט אין זעקס פּאָר פערד פון ווייסן מלכות; זילבערנע בלומען־קראַנצן זוימען אים אַרום, און דימענטענער געפינקל אויף די פּאָדקעוועס פון זיינע פערד.

## דער זייגער<br>וואָס<br>איבערן קאָפּ

די דייטשן טראָגן די ביקסן אין אַראָפּגעלאָזטע הענט. קיינער וועט נישט אַנטלויפֿן. ס'איז אַן „אַלטן־אַקציע". זיי באַגלייטן די פּראָצעסיע ווי אין אַ שטיל־שווייגנדיקן צערעמאָניאַל. פֿון זייערע מיילער שלאָגט אַ ווייסער דאַמף, און אין דער הויך, איבער די קעפּ, מישט ער זיך אויס מיטן מילדאַמף פֿון די געפֿירטע.

דער שניי בייביקט זיך אויף די נאַקעטע ביימערצווייגן פֿון ביידע זייטן וועג. די ביימער קוקן אויס ווי קרישטאָלענע ליוסטרעס, אַראָפּהענגענדיקע פֿון הימל. דער טאָג, אַ געהילטער אין בלאַנקן ווייס, גייט ווי אַ שמש פֿון איין ליוסטרע צו דער אַנדערער, הייבט־אויף שטילע, ווייסע הענט און צינדט זיי אָן מיט פֿיאָלעט און מיט רויט; מיט גלימערדיקן ווייס און מיט פּראָסטיקן בלאָ —

און זיי לויכטן פֿון ביידע זייטן לענגאויס דעם וועג.

אַלטן־אַקציע —

זיי גייען ווי אַרויסגעצויגענע פֿון אַן געוואָרפֿענעם גורל. זייערע פֿיסטריט חתמענען אויפֿן שניי אַ פֿאָרכטיקן הסכם מיטן טויט: אויב אַן „אַקציע" אין געטאָ, איז פֿאַרשטענדלעך אַז עס דאַרפֿן זיין זיי. זיי ווייסן: מיט זייער איצטיקן גאַנג שרייבן זיי אָן דאָס לעבן פֿאַר די איבערגעבליבענע אין געטאָ; פֿאַר די יונגע, פֿאַר זייערע קינדער.

פֿאָרלעך, געאָרעמט אין גאַנג. ווי אַ קרוין אויפֿן ווייסן קאָפּ פֿון פֿרוי וואָלפֿסאָן, זיצט דאָס שוואַרץ־קאַראַקולענע היטעלע. אויסגעזעצט מיט פֿינקלדיקע שנייבריליאַנטן. זי פֿירט איר מאַן ענג געאָרעמט לעבן זיך. ביידע — שלאַנקע, הויכע. אַלע

ק.
צעטניק

אין שטאָט קענען דאָס באַוווּסטע פּאָרל וואָלפּסאָן. זי דריקט איר מאַן געאָרעמט צו זיך. זייערע בליקן — גלייך פאַר זיך. זיי פילן איצט איינער דעם צווייטן ווי נאָך קיינמאָל נישט. בלויז ער און זי. זי און ער. זיי גייען! אַרום זיי — אַלץ צוגעדעקט מיט ווייס. אַלץ פאַרהאָנגען. גאָרנישט. גאָרנישט. בלויז ער און זי, זי און ער.

זיי גייען!

פון דער הויך פאַלן פליטערלעך שנייִ, זילבער־שטערן, ווי אַן אויסגעשיטע קאָנפעטי, נידערן מאַיעסטעטיש אויף זייערע קעפּ, פלאַסטערן זיך אויפן וועג פאַר זייערע פיס ווי אַ טעפּיך פון בריליאַנטן.

פון ביידע זייטן, לענגאויס דעם וועג, ברענען די ליוסטרעס מיט בלוי־ווייסן פלאַמען־פינקל ווי אין אַ פייערלעכן צערעמאָניאַל.

כ'איז זייער דימענטענע חתונה. זיי גייען געאָרעמט. ביים סוף פון וועג שטייט די חופּה. ער און זי, זי און ער. צוזאַמען.

זיי גייען פאַרביי. פרויען געפירטע פון מענער. מענער געפירטע פון פרויען. הינטער זיי גייט־נאָך אַ שורה ס.־ס.־ מענער אין שוואַרצע מונדירן. ווי שוואַרצע שאָטנס פון מענטשן אויף באַלויכטענער ערד. די ביקסן וויגן זיך אין זייערע אַראָפּגעלאָזטע הענט צום טאַקט פון גאַנג.

קיינער וועט נישט אַנטלויפן.

דער פאַלנדיקער שנייִ לעשט־אויס די פיסטריט פון די פאַרבייגייענדיקע. די שניישאַרער וועקן זיך אויף; שפּרינגען אַרויס מיט אויסגעשטרעקטע לאָפּעטעס צום מיטן פון וועג.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

אַ באַנייטע פּלייסיקייט האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט. דאָס אָקערשט געזעענע שטראָמט אַריין באַנייטע אויפגעוועקטע כוחות אין זייערע הענט; זיי טראַכטן: אַן „אַלטן־אַקציע"! סוף־כל־סוף איז דאָס אַ פאַרשטענדלעכע זאַך; ליגט זיך אויפן שכל. אָט די פאַרבייגעפירטע וואָלטן נישט געקאָנט שטיין דאָ און שאַרן צוועלף שעה נאָכאַנאַנד דעם שניי. זיי קאָנען מער נישט אַרבעטן, דערפאַר שיקן די דייטשן זיי אַוועק קיין אוישוויץ. אָבער מיר — מיר וואָס קאָנען אַרבעטן אָט אַזוי, אָט אַזוי, פאַר וואָס זאָלן די דייטשן אונדז שיקן קיין אוישוויץ?

פאַר וואָס?

דריטער עטאפ:

# קינדער־אקציע

געלזוכטיקע, זאַמדיקע פעלדער אונטער מדבר־גליענדיקע האָריזאָנטן. נישטאָ צו וועמען אויפצוהייבן די אויגן. דאָס געטאָ האַלט איין דעם אָטעם —

קינדער־אַקציע.

דער ברייטער געטאָ־פּלאַץ איז אָפּגעליידיקט. די שויבן פון די געטאָ־הייזקעס, אַרום און אַרום, קוקן פאַרגליווערטע צום בלאַנקן טויט. דייטשן, באַוואָפנטע מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, אַרבל־אַרויפגעשאַרצטע הענט, שטייען אינדרויסן אויסגעשטעלט, אַרום און אַרום לעבן יעדן ווינקל און לעבן יעדער אָפּגעליידיקטער זאַמדיקער געטאָ־געסקע.
באַלד וועט עס זיך אָנהייבן.

אין די שטיבלעך דריקן מאַמעס די קעפּ פון די קינדער צו זייערע בייכער, שטעלנדיק־זיך הינטער די רוקנס פון טאַטעס. אַלע אויגן קוקן צו דער פינצטערער עפענונג פון גרויסן אויטאָמאָביל וואָס שטייט אינדרויסן אויפן זאַמדיקן געטאָ־פּלאַץ.

ק.
צ ע ט נ י ק

שטאָלענע העלמעך־קעפּ, אָן פּנימער. דאָס זענען נישט קיין מענטשן. דו זעסט בלויז שוואַרצע מונדירן מיט אויסגע־שטרעקטע ביקסן. די רער פון אַ מאַשין־געווער דרייט זיך לאַנגזאַם פּאַמעלעך. אַהער און אַהין, פאָרשנדיק די זאַמדיק־פאַרגליווערטע געטאָ־געסקעס, ווי אויף אַ ניי אַנטפּלעקטן קאָנטינענט, אַהער און אַהין. לאַנגזאַם, פּאַמעלעך. דאָ איז נישט פאַראַן ווו זיך באַהאַלטן. קליינע, ליידיקע שטיבלעך, ווי צעלטן. זאַמד פון אונטן, געטאָ־הימל פון אויבן. דאָ קוקסטו דעם טויט גלייך אין די אויגן.

קינדער דריקן זיך צו די בייכער פון די מאַמעס, ווי זיי וואָלטן געוואָלט דאָרט צוריק אַריין. און דער געשריי פון זייערע אויגן שרייט אַרויס פון די אויגן פון די מאַמעס, דער פּחד פאַרגליווערט דעם אָטעם אין קעל.

קינדער־אַקציע.

אָט גייען זיי פון אַ געסקע אַרויס. אַ לאַנגע ריי. צו צוויי, צו צוויי. די קינדער פון קינדער־היים. זיי האַלטן זיך ביי די הענטלעך. ברכה, די לערערין, פירט זיי. צו צוויי, צו צוויי.

מאַנכע הייבן־אויף די קעפּלעך. דאָס ליכט פון העלן טאָג איז צו שטאַרק. פאַרקוועטשן זיי די אייגעלעך, קוקן אַרויף צו די אויסגעשטרעקטע ביקסן און צו דער שטילקייט אַרום און אַרום. ברכה די לערערין פירט זיי.

מיידל־קעפּלעך. יינגל־קעפּלעך. פּרעבל־קינדער. באָרוועסע קינדער־פיסלעך. אַ סך באָרוועסע קינדער־פיסלעך אויף דער געלער ערד —

גלייך צום אויטאָמאָביל.

אויבן, אין דער טונקעלער אויטאָמאָביל־עפּענונג, שטייט אַ דייטש. ער כאַפּט אין די הענט אַריין די געוואָרפענע קינדער. איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן. עס שווייגט דער הימל און עס שווייגן די געלזוכטיקע פעלדער אַרום; עס שווייגן די געטאָ־הייזקעס און עס שווייגן די אויסגעשטרעקטע ביקסן.

אין די שטיבלעך, הינטער די שויבן, פאַרגליווערט דער פּחד דאָס קול אין דער קעל.

דער אויטאָ איז פול. מען טראָגט די זויגלינגס פון דער „טראָפּן־מילך״־שטעלע. זיי טראָגן זיי אין אַראָפּגעלאָזטע הענט ווי מען טראָגט פּעקעלעך ביי די אַרומגעבונדענע שטריקלעך. איינס אין דער האַנט, איינס אין דער אַנדערער האַנט. קינדער — וואָס זייערע טאַטעס און מאַמעס זענען שוין פריער אַוועק מיט די טראַנספּאָרטן. רויִק אַוועק. ווייל זייערע קינדער בלייבן אין געטאָ און וועלן לעבן.

דער אויטאָ איז פול. די יללה־רייסערייען פון די פרישע געבערענגטע זויגלינגס הענגען, אויפגעשטאָכענע, אויף די אויסגעשטרעקטע ביקסן־לופעס אין די אַרבל־אויפגעשאַרצטע הענט. דער דייטש אין דער אויטאָמאָביל־עפענונג לאָזט אַראָפּ צו דער ערד אַ לאַנגן זאַק. די ברענגער וואַרפן אַריין די זויגלינגס אין זאַק... נאָך. נאָך. ביז פול. ער טרעט מיט די שטיוול פון דער הויך אויף דער איבערפולטער זאַק־עפענונג. נאָך. נאָך.

פאַרבונדן דעם זאַק — אַריינגעוואָרפן אין אויטאָמאָביל. פאַר־

בונדן דער צווייטער זאַק — אַריינגעוואָרפן אין אויטאָמאָביל. שנעל. שנעל. זאַק נאָך זאַק. זאַק נאָך זאַק.

דו הערסט מער נישט די יללהדיקע רייסערייען. אַלץ קומט איצט פאָר ווי אונטער דער אויבערפלאַך פון אַ בלייכן וואַסער. דער געטאָ־פּלאַץ האָט דאָרט אַראָפּגעזונקען. נישטאָ צו וועמען אויפצוהויבן די אויגן.

„קינדער־אַקציע".

וואָלקנס שטויב דעקן צו די זיך־דערווייטערנדיקע אויטאָמאָבילן. פאַרווישן די שפּורן פון זייער דאָ־זיין. דאָס געטאָ האַלט איין דעם אָטעם. באַלד וועלן אויך אַוועק די דייטשן מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן.

אויגן איינגעשטאָכענע צו די שויבן: געענדיקט! דאָס איז, ווייזט אויס, געווען בלויז אַן אַקציע אויף קינדער אָן טאַטע־מאַמע. נישט געווען ווער עס זאָל זיי שפּייזן. אָבער קינדער וואָס זייערע טאַטע־מאַמע אַרבעטן אין קריגס־וויכטיקע שאָפּן — וועלן זיי דאָך נישט נעמען.

אָט פאָרן זיי שוין אַוועק.

געענדיקט! דער טויט האָט אַוועקגענומען די הענט פון האַלדז און באַפרייט דעם אָטעם: זיי זענען אַוועק! פּלוצלינג ברעכן די קינדערלעך אין די שטיבלעך אַרויס מיט אַ היסטערישן געוויין. קוקן טאַטעס מיט וואָכעדיקע בליקן:

— פאַרוואָס וויינען פּלוצלינג די איבערגעבליבענע קינדער?

פערדטער עטאפ:

# לעצטער טראנספארט

אויף אָט דעם וועג זענט איר אַלע געגאַנגען —
איך גיי איצט אייך נאָך.
ס'איז דער וועג צו די וואַגאָנען.

די זון שיינט פון אונטן און גליט־אָן די אייזערנע צינגלעך פון די אויסגעשטרעקטע ביקסן אויף רויט. ס'וואָלט איצט געווען זייער לייכט אַרויסצושפּרינגען פון די געטריבענע שורות. אַ שפּיי טאָן אַ קללה אינעם שוואַרצן פּנים פון די אָנטרייבער, און פאַלן מיטן קאָפּ צו דער רויטער שקיעה.

מיר זענען די לעצטע פון אַ לעצטן געטאָ. ווי אַזוי זענען אויף אָט דעם וועג געגאַנגען די שענסטע פון אַ פאָלק?

ס'איז נישט קיין גבורה צו שטאַרבן. ס'איז איצט די העכסטע גבורה — צו לעבן.

עס מאַרשירן די לעצטע פון אַ לעצטן טראַנספּאָרט — קיין אוישוויץ.

אוישוויץ —

ק.
צעטניק

דאָס איז אַ פאָרלויף פאַר דעם טויט. דער טויט בלייבט הינ־טערשטעליק הינטער דיר. אַזאַ טויט האָט דער טויט נאָכ־נישט געזען.

— אוישוויץ

דאָס איז דאָס אַוועקטראָגן דעם לעצטן פונק פון דיין לעבן אין הינטער־לאַנד פון טויט. דיין לעבן — ווי אַ ווייסע טויב אַ פאַרבאָרגענע אין בוזעם פון דיין געשענדטן גוף; דיין לעבן — וואָס קיינער קאָן דיך נישט ברענגען דערצו עס זאָל דיר פאַרמיאוסט ווערן.

עס פאַרדריסט די שוואַרצע אָנטרייבער פון טראַנספּאָרט. זיי וואָלטן איצט געוואָלט זען ווידערשפּעניקייט. מרידה. זיי וואָלטן איצט געוואָלט קוקן ווי עס פאַלן די אַנטרינענע אין דערשאָסענעם לויף מיט אויסגעצויגענע הענט צום אָנגע־צונדענעם זאַמדיקן שטח.

— אויף אָט דעם וועג זענט איר אַלע געגאַנגען
איך גיי איצט אייך נאָך.
ס'איז דער וועג צו די וואַגאָנען.

פינפטער עטאפ:

# פנים אל פנים

נאַקעטער מאַרש אין דער נאַכט.
אוישוויצער נאַכט.
מען הערט נישט קיין טריט פון די באָרוועס־מאַרשירנדיקע פיס אויף דער ערד. דו ווייסט נישט ווי לאַנג עס איז די קאָלאָנע אין וועלכער דו מאַרשירסט; ווו הייבט זי זיך אָן, און ווו ענדיקט זי זיך. אַרום דיר אָטעמען נאַקעטע מענטש־לעכע לייבער אין מאַרש. זעקס אין דער ברייט. זעקס אין דער ברייט —

דער טראַנספּאָרט ווערט געפירט צום „באַדע־אַנשטאַלט" אין אוישוויץ.

איבער דיין קאָפּ ציט זיך אַן אויסגעשיטער הימל מיט שטערן, און אַקעגן־איבער דיינע אויגן הייבט זיך דער שפּיץ פון אַ קוימען צום הימל. אַ געדיכטער פעטער רויך שלאָגט פון אים אַרויס. אָן אַ שיעור פונקען. זיי צעשפּרייטן זיך פינקלדיק־צעשפּריצטע איבערן אויסגעשטערנטן הימל, פונקען מישן זיך אוים מיט שטערן, און דו ווייסט נישט וועלכע פון זיי לייכטן העלער.

ק.
צעטניק

אַ סך נאַקעטע לייבער. אוישוויץ אונטער דיינע באָרוועסע פיס. דער טראַנספּאָרט מאַרשירט אין דער ריכטונג צום קוימען.

נאַכט אַרום דיר. אוישוויץ אַרום דיר. דער טויט האַלט דיין לעבן צווישן זיינע הענט ווי אַ רונדיקן שפּיגל אַקעגן דיינע אויגן. אים, דעם טויט, זעסטו נאָך אַלץ נישט. ער באַהאַלט זיין פּנים הינטערן שפּיגל. בלויז זיין אָטעם בלאָזט אויף דיר ווי ווינט אויף אַ פונק אין אַש —

כדי בעסער צו זען ווי ער לעשט זיך אויס.

פון ביידע זייטן גייען ס.ס.־מענער, שוואַרצע שווייגנדיקע שאָטנס, געהילטע אין נאַכט ווי אין צעפלאַטערטע שוואַרצע פּעלערינעס. דו קאָנסט דיר מער נישט אויסוויילן דיין טויט. דו ביסט שוין געוואָרן איבערגעגעבן. דיין האַר, דער טויט, פירט דיך שוין צו זיינע געצעלטן.

דו פילסט זיין ריח גייענדיק הינטער דער פּעלערינע פון זיין לאַנגן קלייד. דו קאָנסט דיך מער נישט אויסטוישן. ער קאָן שוין דיין לייב. ער האָט דיך געזען. דו גייסט צו אים אַ נאַקעטער.

— דו קאָנסט מער נישט אויסקלייבן דיין טויט. דאָ איז — אוישוויץ. דו גייסט שוין אין די קאָרידאָרן פון דיין טויט. באַלד וועסטו אַריינקומען אינעווייניק, און דו וועסט אים זען פּנים־אל־פּנים. אים, דיין אַלמעכטיקן האַר, דעם אוישווי־צער טויט!

ס'איז שטיל. דאָ וואַגט נישט קיינער אַרויסצוברענגען אַ וואָרט. נישטאָ מער קיין שפּראַך. פונקען שפּריצן פון קוימען. דו

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

דריקסט דאָס שטיקל זייף אין דער פויסט פון דיין האַנט. אָן אַ שיעור פּים. נאַקעטע פּים. דו הערסט נישט זייער טריט. די נאַכט פירט דיך צו זיך. שטערן לעשן זיך איבער דיין קאָפּ. דו פאַרמאָגסט מער גאָרנישט. אַפילו די האָר פון דיין קאָפּ האָט מען אויך פריער פון דיר צוגענומען. זיי, די האָר, האָבן נאָך אַ ווערט. דו ביסט נאַקעט. דו פאַרמאָגסט מער גאָרנישט. בלויז אַ פונק טראָגסטו נאָך אינעווייניק אין דיר. דער טויט האָט אים געקויפט אויפן יידן־מאַרק. ער געהערט צו אים. באַלד וועט ער אַרויסשפּריצן פון אָט דעם קוימען.

אוישוויץ.

וואָס פאַר אַ מין פאַבריק האָט דער טויט דאָ פאַרלייגט? וואָס פאַר אַ נוצן ברענגען אים די אַרויסגעשפּריצטע פונקען פון קוימען?

זעקסטער עטאפ :

# אינעווייניק

אַ נעץ פֿון רערן איבער דיין קאָפּ. פֿון די רערן הענגען אַראָפּ דושן. שורות־שורות דושן. און אין די דושן — לעכעלעך.

פֿון ערגעץ, צווישן די דושן, רינט אַראָפּ אַ זשאַווערנע געדיכטע ליכט. זי באַלייכט די דערוואַרטונג.

דער טרויער שטייט אַ געעפֿנטער צו דער נאַכט. זיי שטראָמען נאָך אַלץ אַריין אָן אויפֿהער : נאַקעטע לייבער. נאָך און נאָך. מענטשן. אַלע די זעלביקע צורה. נאָך און נאָך.

וואָס אַמאָל ווערט ענגער. נאַקעטע, לייבער אַרום דיר. נאַקעטע לייבער רירן אָן דיין לייב. ביי יעדן באַריר טוט דיין לייב אַ שוידער. דו פֿילסט אַ ציטער איבער דער הויט פֿון דיין לייב און דו פֿילסט אַ צופֿרידנקייט אין דעם ציטער. דער שוידער וועקט אין דיר אַ געפֿיל פֿון לעבן. דו האָסט נאָך אַ לייב. דיין לייב. ווי דו וואָלסט עם פּלוצלינג צוריקגעפֿונען. דו האָסט נאָך קיינמאָל נישט אַזוי ליב געהאַט דיין לייב. און דו פֿילסט — דער פּחד שאַרפֿט דערויף בלאַנקע מעסער־

שאַרפֿן: באַלד וועט עס זיך ראַנגלען מיט אַ טויט וואָס דו ווייסט נישט ווי ער קוקט אויס. באַלד וועט ער קומען. באַלד וועסטו אים זען פּנים־אל־פּנים. ער זיצט אויבן אין די לעכעלעך פֿון די דושן. באַלד וועסטו אים זען.

אַלע אויגן קוקן אַרויף צו די לעכעלעך פֿון די דושן וואָס איבער זייערע קעפּ.

די טירן פֿון „באַדע־אַנשטאַלט" ווערן אָפּגעשלאָסן. נישטאָ מער אַפֿילו די נאַכט.

נאַקעטע לייבער אַרום דיין לייב. זיי ציטערן, אַזוי ווי עס ציטערט דיין לייב. דער שווידער גייט פֿון עק ביז עק ווי אַ ווינט איבער זאַנגען אין פֿעלד. ברייט און ווייט. דו זעסט נישט די עקן. אָבער דו פֿילסט דעם שווידער פֿון אַלע לייבער אויף דיין אייגענעם לייב. אָפּגעשלאָסן די טירן. נישטאָ אַפֿילו די נאַכט. בלויז לייבער. אַלע לייבער זענען איצט דיין לייב. פּונקט ווי דער טויט פֿון יעדן לייב באַזונדער איז איצט — דיין טויט.

פֿלוצלינג ווערן אַלע לייבער פֿאַרשטיינט. אַלץ ווערט אָנגעגאָסן מיט פֿריר פֿון פֿאַרגליווערטקייט. פֿאַרשטיינט. העלדזער.

דו זעסט מער נישט קיין קאָפּ. און דו זעסט מער נישט קיין פּנים. בלויז — העלדזער. אויסגעשטרעקטע העלדזער. אַ פֿלאַכלאַנד פֿון העלדזער. העלדזער אָן קעפּ.

קודם — אַ לייב; איבערן לייב — שולטערן; איבער די שולטערן — אַ האַלדז. און אויבן, איבערן האַלדז — לעכעלעך. טונקעלע לעכעלעך.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

דושן־לעכעלעך פון אוישוויצער „באַדע־אַנשטאַלט".

אַ זשאַווערדיק־געדיכטע ליכט צווישן די העלדזער און די דוש־לעכעלעך. דער טויט שוועבט אין אָט דער ליכט, איידער ער לאָזט זיך אַראָפּ.

העלדזער ווי אויסגעפּלאַסטערטע שטיינער. דער טויט שפּאַנט איבער זיי ווי אויף שטיינער פון אַ ליידיקער גאַס. ער, דער טויט, איז איצט דאָ איינער אַליין. בלויז מיט זיך. דאָ וווינט ער. דאָ אַנטהילט ער זיך פון זיינע וואַלן. ער אַנטפּלעקט דאָ זיין פּנים; דאָ — אינעם פּאַרמאַכטן „באַדע־אַנשטאַלט"; דאָ — אינעם קדשי־קדשים פון אוישוויצער טעמפּל.

דו זעסט אים!

קעפּ, איבערגעוואָרפענע צום נאַקן, ווי עופות־קעפּ אין דער האַנט פון שוחט. געעפנטע מיילער. אויסגעשטרעקטע העלדזער. אַרויף צום חלף.

דו זעסט זיין פּנים.

דאָס פּנים פון טויט.

די העלדזער אָטעמען נישט.

פּלוצלינג —

אַ ווייס פּאַרעלע. לייכט־לייכט. עס וויקלט זיך. עס בייגט זיך, פּיעשטשענדיק זיך איבער די דוש־לעכעלעך, גראַציעז, ווי אויף אַ פּאַרקעט — און פאַרשווינדט.

די העלדזער אָטעמען נישט.

באַלד דערנאָך שווימען אַרויס און בלייבן הענגען איבער די לעכעלעך — טראָפּנס. איינצלנע טראָפּנס. פולע. אַראָפּהענ־גענדיקע. זיי פאַלן נישט אַראָפּ. בלייבן שטיין אין דרויסן,

פאַר די אויגן, ווי פאַרלויפער ביי מלכותדיקע געעפנטע טירן;
פאַנפאַרן, פאַרן אַנקום פון אַ פאַרכטיקן מאַיעסטעט...
די העלדזער אָטעמען נישט. פאַרשטיינט.
פלוצלינג:

דינע הייסע שנירעלעך, געוויקלטע אין רויך ווי עלעקטרישע דראָטן אין ווייסער איזאָלאַציע; הייסע בייטשן. אַנגעגליטע בייטשן. נאָך אַ רגע רייסן זיי זיך איבער אין דער לופט. פאַרשווונדן.

ווידער ליידיקע, טונקעלע, געהיימנישפולע לעכעלעך. לעכעלעך אין אוישוויצער „באַדע־אַנשטאַלט".
פלוצלינג —

דינע קאַלטע שנירלעך. קאַלטע בייטשן. פראָסטיק־גליענדיקע בייטשן. נאָך אַ רגע: רייסן זיך איבער אין דער לופט. פאַרשווונדן.

ליידיקע, טונקעלע, געהיימנישפולע לעכעלעך. דוש־לעכעלעך אין אוישוויצער „באַדע־אַנשטאַלט".
ווידער אַ מאָל,

און ווידער אַ מאָל,
און ווידער אַ מאָל.

פלוצלינג אַ יאָמערלעכער אויסגעשריי:

— וואַסער!!! מענטשן, וואַסער!!!

פלוצלינג באַקומען העלדזער צוריק קעפּ — קעפּ מיט אויגן: קעפּ מיט מיילער. די קעפּ דרייען זיך אום איינער צום אַנדערן. אויגן קוקן צו אויגן. מיילער רייסן זיך אויף צוזאַמען. אַלע אויף אַ מאָל.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

— וואַסער !...

— וואַסער !...

— וואַסער !...

לייבער שפּרינגען מיט אַ יאָמערלעכן געהייל צו דער הייך, רייסן די אָפּגעגאָלטע שאַרבנס ווי האָר פון זייערע קעפּ. און באַגאָסענע מיט טרערן הוילן זיי אויס די שימחה מיט אַ יאָמערלעכן געוויין:

— וואַ—ס—ער !!!

ביי די ווענט קנייפּן זיך פינגער אין אייגענע לייבער; גראַטשן גאָלע ווענט און שרייען ווי מטורפים:

וואַסער !!!

ווי קאָרקן וואָלטן פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן, אויף אַ מאָל, פון זייערע פאַרשטאָפּטע העלדזער. זיי שרייען מיט אויסגעקרימטע, וויינענדיקע מיילער; מיט פרייל-עך־משוגענע הענט, אַלע אויף אַ מאָל:

— וו—אַ—ס—ע—ר !!!

איינער, וואָס איז שטענדיק דער קלוגער, שרייט צו אַלע:

— שאַ! שאַ! אַוודאי וואַסער! איר זעט דאָך, וואַסער! — נאָר קיינער הערט אים נישט. די מיילער וויינען צו אים צוריק מיט מטורפדיקן געשריי: וו—אַ—ס—ע—ר !!!

ביז די טויערן עפענען זיך.

אין דרויסן קווילערט זיך די נאַכט פון געלעכטער. זי שוימט מיט געעפנטע פינצטערע מיילער פון ס.ס.־מענער, און וויקלט זיך מיט זיי אין צעכוואַליעטן געלעכטער. יענע שטייען און

ק.
צעטניק

קוקן ווי עם קוקן צושויער פון דער טונקלקייט צו דער קאָמעדיע אויפן באַלויכטענעם עקראַן. און זיי קאַטשען זיך פון געלעכטער.

די נאַקעטע לייבער שטראָמען אַרויס, ווי אַרויסגעוואָרפענע צו אַ פרעמדן ברעג. אַקעגן איבער שפריצן פונקען פון קוימען צום אויסגעשטערנטן הימל. זיי קוקן צו די לאַכנדיקע מיילער, קוקן און קאָנען נישט פאַרשטיין —

זיי ווייסן נישט, אַז גליקלעכע זענען געווען יענע, וואָס ביי זיי האָט פון די דוש־לעכעלעך, אָנשטאָט וואַסער, זיך אַרויפגעהויבן דער אויסגערונענער בלייכער גאַז פון די אַריינגעוואָרפענע ציקלאָן־פושקעס —

זיי ווייסן נישט, אַז גליקלעכע זענען געווען יענע, וואָס אויף דער שוועל פון אוישוויץ זענען באַלד זייערע לעבנס פון זיי אַרויסגעפליגן ווי אָט די פונקען פון קוימען —

וואַסער!

זיי לעבן —

און זיי מאַרשירן גליק־שיכורע צו די בלאָקן אין דעם לאַגער וואָס רופט זיך: אוישוויץ.

זיבעטער עטאפ :

# טאגאויפגאנג אין אוישוויץ

פּלייצעס.

פּלייצעס און אויגן —

אין אוישוויץ באַמיט זיך יעדערער אַרויפצוציען וואָס העכער די פּלייצע, אַ שטייגער די פּלייצע וואָלט זיין אַ וואַטענע קאָלדרע, וואָס מען קאָן זי אַרויפציען איבערן קאָפּ, כדי עס זאָל זיין וואַרעמער.

אויפן שמאָלן הינטערוועג לעבן די בלאָקן.

העכער צען טויזנט מענטשלעכע שאָטנס.

ס'איז נישט צו זען קיין אָנהייב און נישט קיין סוף. אין אוישוויץ איז נישטאָ קיין אָנהייב און קיין סוף. אויף דער צווייטער זייט פון שטעכלדראָט־צוים, אַרום דיין לאַגער, ציען זיך נאָך אַ סך לאַגערן. אָן אַ שיעור לאַגערן. אָפּגעזונדערטע איינער פונעם צווייטן ווי שטערן. אַ פּלאַנעטאַריום, נישט דערפאָרשט פון קיינעם. פון רעכטס — דער B־לאַגער פון לינקס — דער קאַראַנטין־לאַגער, פון הינטן — דער פרויען־לאַגער, פון פאָרנט — דער מילכוועג, אויף וועלכן עס פאָרן

אָן אויפהער, אָן אויפהער, די געפּאַקטע אויטאָמאָבילן צום קרעמאַטאָריום.

און אין דער הייך — די לעצטע שעה...

די לעצטע שעה פון דער נאַכט. העכער צען טויזנט פּאָר אויגן ווערן אַלע טאָג, אין דער זעלבער שעה, די שעה פאַר טאָגאויפגאַנג, אַרויסגעשאָטן פון די בלאָקן צום הינטערוועג. מען מאַכט איצט ריין אין די בלאָקן. דער דייטש האָט ליב זויבערקייט. „שטובנדינסט" צעשניידן איצט אינעווייניק די ברייטלעך אויף פּאָרציעס. אָנשטאָט פיר פּאָרציעס ווערן אַרויסגעשניטן אַכט און צען פּאָרציעס פון איין ברייטל. די איבערגעבליבענע ברייטלעך וועלן די זעלבע שטובנדינסט באַלד אַרויספירן צו דער לאַטרינע — די בערזע אין לאַגער, — דאָרט וועלן זיי ווערן אויסגעביטן אויף ציגאַרעטן פאַרן בלאָק־עלטסטן. פיר ציגאַרעטן פאַר אַ ברויטל. און אין דרויסן טאַנצן העכער צען טויזנט מענטשלעכע סקעלעטן אַ דבקותדיקן דזשונגלטאַנץ, פוס־אַרויף, פוס־אַראָפּ.

די קאַלטע אוישוויצער ערד זייגט אויס דורך באָרוועסע פּיאַטעס דעם לעצטן זאַפט פון זייערע ביינער.

אויגן —

אַ טייך אויף וועלכן אומאויפהערלעכע רעגנבייטשן קיילעכן־אויס אָנצאָליקע גרויסע, אויפגעריסענע וואַסער־אויגן; אַ שטראָם וואָס ציט זיך פון דער אוישוויצער באַן־ראַמפּע ביז צום קרעמאַטאָריום. תמיד דער זעלבער שטראָם. אָבער קיין מאָל נישט די זעלבע וואַסער־טראָפּנס. שטענדיק נייע, פרישע. דו זעסט זיי בלויז אין זייער שטילער, ־פאַמעלעכדיקער פאַר־

ביישווײַמענדיקייט. זיי קוקן צו דיר מיט אַ דורכדרינגלעכער, גלאָז־אויפגעגלאַנצטער שיין, זוכן אויף דײַן פּנים דעם רעפלעקס פון זייער אייגענעם פאַרגאַנגענעם לעבן — און זעען גאָרנישט. אַפילו דעם לאַגער דורך וועלכן זיי שווימען אַדורך זעען זיי אויך נישט.

אויגן —

אויגן וואָס האָבן פופציק יאָר געבויט פונדאַמענטן, אויף וועלכע דורות נאָך זיי זאָלן זיך קאָנען גרונטפעסטיקן; און אויגן פון פופצניעריקע, נאָר וואָס אויסגעשפּראָצטע ווי אַ שיינע בלינג, פול מיט קראַפט און זאַפט, פרינץ פון מענטשלעכן מין, און קרוין פון דער באַשאַפונג.

אויגן —

אויגן פון פינאַנץ־אימפּעראַטאָרן, אכזריותדיקע געוועלטיקער אויף אינטערנאַציאָנאַלע האַנדלסמערק; און אויגן פון הכנעה־דיקע, צעבראָכענע קרעמער, אָרעמע בעלי־מלאכות, מיט פון דורות־געירשנטע דאגות, ווי נעמט מען אויף שבת, ווי באַצאָלט מען שכר־לימוד.

אויגן —

אויגן פון פאָרשער, וויסנשאַפטלער, קינסטלער, געקרוינטע פון גאָט מיטן זאַלב־אייל פון געניאַליטעט; און אויגן פון האָרעפּאַשניקעס, שטומע צינגער, מיט גראָבע תפילה־סידור׳ס אין שוואַרצע מאָזאָליעדיקע הענט. גראָע, פאַרבלאָזע, ווי בעמישער מיסט וואָס באַפרוכטיקט אונדזער ערד.

אויגן —

אויגן פון אַלערלייד־דערקאָנטע מיוחסים, אייבערשטע אין דער

געזעלשאַפט, צו וועלכע עס האָבן תמיד געפּייקלט די פּויקן, און דאָך גייציק נישט־דערזעטיקטע, גאַליקע, בייזווייליקע, ווען די הצלחה האָט אַמאָל אויך אַריינגעשיינט אין אַ צווייטנס פענצטער; און אויגן פון פיינגייסטער, אצילותדיקע אָבער באַשיידענע נאַטורן, — דער אַראָמאַט פון אונדזער לעבן.

אויפן וועג פון דער אוישוויצער באַן־ראַמפּע ביז צום קרעמאַ־טאָריום זוכן איצט אָט די אַלע אויגן אַן ענטפער אויף איין איינציקער פראַגע: ווען וועט מען שוין אויסטיילן די זופּ?

אוישוויצער נאַכט אויף פּלייצעס און אויגן!

שעה פון גרויסן יאוש און רחמים. סוד פון שעה, ווען נאַכט דעקט צו סיי דעם עס־עס־מאַן און סיי דעם העפטלינג מיט איין שוואַרצער דעקע.

ווייט־ווייט לויפן לאָמפּן אויפן הויפּטשאָסיי. דו ווייסט: יעדע פּאָר לאָמפּן — אַ פאָרנדיקער, געפּאַקטער אויטאָמאָביל צום קרעמאַטאָריום. נישט איין מאָל ווילט זיך דיר ליבער ביינאַכט פאָרן צום קרעמאַטאָריום. בעסער ביינאַכט ווי ביטאָג. ביי־נאַכט קאָנסטו וויינען. ס'האָט נאָך קיינער קיין מאָל נישט געוויינט ביטאָג, בשעת מען האָט אים געפירט צום קרעמאַטאָריום. ביינאַכט רינען דיר טרערן פון די אויגן.

פאָרכטיקער סוד פון אוישוויצער נאַכט, וואָס קיינער וועט קיינמאָל נישט אַנטפּלעקן —

ביז נאַכט צייט זיך אַראָפּ פון דיינע וויעס ווי אַ שוואַרצע שייד פון אַ שווערד. עס אַנטפּלעקט זיך איינציקוויז דער קאַלטער שאַרף פון אוישוויצער טאָג.

## דער זייגער
## וואָס
## איבערן קאָפּ

אין מערבֿ־זייט ברענען נאָך די רויטע לעמפּלעך אויף דער שטעכלדראָט — אַ שנור רויטע קאָראַלן אויפֿן דעקאָלטע פֿון אוישוויצער נאַכט.

אין מזרח קוקט שוין אַרויס דער נייער טאָג פֿון צווישן די בלאָקן. אַ שטייגער די גראָע קופּעס אַש, וואָס ליגן לעבן קרעמאַטאָריע וואָלטן זיך איבערגעטראָגן אַהער און זיך אויסגעסדרט צווישן איין דאַך און דעם צווייטן.

דער עס־עס־מאַן נידערט אַראָפּ פֿון וואַכטורעם, טרעפּ נאָך טרעפּ: צוערשט די שוואַרצע שטיוול, די מאַשינביקס אויפֿן רוקן. ער טראָגט מיט זיך די נאַכט, אַן איינגעשרומפּטע. זי שטייט ווי אַ שוואַרצע קראָ אויף זיינע אַקסלען. ער טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פֿאַר זיין קאַמעראַד, דעם טאָג־שומר, וואָס שטייגט אַרויף טרעפּ נאָך טרעפּ: צוערשט די הענט, ווייסע הענט, איינגעטונקענע אינעם נייעם טאָג — דיין טאָג.

איטלעכע אַרויפֿגעצויגענע פּלייצע אין אוישוויץ טראָגט דיר איצט אַנטקעגן דיין אייגענע איינזאַמקייט; פֿון יעדער פּאָר אויגן קוקט צו דיר אַרויס דאָס רחמנות אויף אַ לעבן, וואָס האָט אַמאָל געטראָגן דיין נאָמען —

טאָגאויפֿגאַנג אויף פּלייצעס און אויגן.

אבטער עטאפ:

# בלאק־שפערע

דאָס טויער פון דינסט־בלאָק רייסט זיך אויף. דער „לויפער" פון לאַגער־עלטסטן שפרינגט אַרויס. ער לויפט איבער ראָוון, איבער שטרויכלונגען. העפטלינגס ציען־אייך ברוסטן־ביינער, אָפשפרינגענדיק פון וועג. מוזלמענער פאַלן פון זייערע פיס־בריקעס ווי שפריצנדיקע בלאָטע פון לויפנדיקע פיס איבער קאַלוזשעס. ער לויפט צום מיטן פון לאַגער־שאָסיי, דאָרט ווו עס הענגט, ווי אין אַ קלעצער־ראַם, דער גרויסער רונדער גאָנג־טעלער. ער כאַפט דאָס שטיק אייזן אין האַנט. דער גאָנג שוידערט־אויף, ווילד און אַלאַרמירנדיק:

בלאָק־שפערע! בלאָק־שפערע!!

די אַריינגענג צו די בלאָקן ווערן פאַרשטאָפט פון די זיך אַריינדריקנדיקע גופים. יעדער ווייסט, אַז אָט־אָט קאָן אַרויס־קומען פון בלאָק נומער 1 דער לאַגער־עלטעסטער לודוויג טין; און יעדער ווייסט וואָס עס קאָן מיט אים פאַסירן אויב טינס אויג וועט דערכאַפן זיין רוקן אויסער דעם בלאָק.

אַ מהומה. אַ געלויף. פון אַלע לאַגערוועגן, פון אַלע לאַגער־פּלעצער: בלאָק־שפערע! בלאָק־שפערע!!

ק.
צעטניק

אינעווייניק.

די טויערן פון בלאָק זענען אָפּגעשלאָסן. פון איין עק — דאָס טויער צום הויפּטוועג פון לאַגער, פון צווייטן עק — דאָס טויער צום הינטערוועג פון לאַגער.

דריי שטאָקיקע ברעטער־נאַרעס. זאַלבע צען אויף יעדער נאַרע. פינף־הונדערט — לענגאויס איין וואַנט, פינף־הונדערט — לענגאויס דער צווייטער וואַנט. זאַלבע צען. ווי אָנגעוואָרפענע אויף די האָלץ־פּאַכן אין גרינצייג קראָם.

טויזנטער מענער ליגן אין בלאָק און שווייגן. אין מיטן, פון אָנהייב בלאָק ביזן סוף בלאָק, ציט זיך אַ געבוי פון ציגל, אַכציק סענטימעטער הויך. פופציק סענטימעטער — ברייט. אינעווייניק — הויל. מען רופט עס — אויוון. דער אויוון ווערט קיינמאָל נישט געהייצט. אָבער יעדער ווייסט צו וואָס אָט דער אויוון ווערט גענוצט אינעם בלאָק.

טויזנט מענער. זיי ליגן אויף די נאַרעס. מען זעט זיי נישט אַרויס. אין בלאָק איז שטיל. ליידיק. ווי עס וואָלט דאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש נישט געווען.

טויזנט מענער. בלויז די שטובן־דינסט דרייען זיך אויפן רוקן פון לאַנגן אויוון. הין און צוריק. הין און צוריק. יעדער אויף זיין אָנגעצייכנטן שטיק פּלאַץ. יעדער מיט זיין שטעקן אין האַנט.

אין בלאָק־שטיבל, לעבן הויפּט־טויער, געפינט זיך דער בלאָק־עלטעסטער. מען פילט עס אין דער לופט.

בלאָק־שפּערע.

דו ווייסט קיינמאָל נישט די סיבה פאַרוואָס אין מיטן העלן

דער זייגער
ה'אַס
איבערן קאָפּ

טאָג, בשעת אַלץ פירט זיך כשורה, בשעת די העפטלינגס זענען צעשפּרייט איבערן לאַגער און זאַמלען צונויף זייערע לעצטע מינוטן — קלאַפּט מען פּלוצלונג „גאָנג!" „גאָנג!"... און אַזוי ווי דו ווייסט קיינמאָל נישט ווען און פאַרוואָס עס הייבט זיך אָן די בלאָק־שפּערע, אַזוי ווייסטו קיינמאָל נישט ווען און פאַרוואָס זי וועט זיך ענדיקן.

אין דרויסן איז דער לאַגער אָפּגערייניקט. שטיל. גרינע, לענגלעכע בלאָקן. בלינדע, אָן פענצטער, מיט שיפּע פּאַפּע־דעכער, שטייען אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער שורה, אָפּגע־רוקט פּינקטלעך, איינער פון צווייטן — און שווייגן. דער טאָג שפּאַנט איבערן ליידיקן לאַגער־וועג; איבער די אַפּעל־פּלע־צער צווישן איין בלאָק און צווייטן; איבער דעם שמאָלן הינטערוועג — און שווייגט. אוישוויץ האַלט איין דעם אָטעם. בלאָק־שפּערע.

אומעטום — זויבער. דאָ, אויף אָט דעם פּלאַנעט, געפינסטו נישט קיין שטיקל פּאַפּיר אויף דער ערד. דאָ זעסטו איבער־הויפּט נישט קיין שטיקל פּאַפּיר. דו געדענקסט אַפילו נישט אַז אַזעלכעס האָט אַמאָל עקזיסטירט. און וואָלט דער ווינט פון ערגעץ־ווו דאָ אַהער פאַרטראָגן אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָלט דאָס באַלד פון צענער־טויזנטער הונגעריקע מיילער געוואָרן איינגעשלונגען אנשטאָט ברויט. אַלץ וואָס קאָן נאָר אַדורך דורך אַ מענטשלעכן וושט — ווערט דאָ איינגעשלונגען. דאָ איז שוין אַלץ געוואָרן איינגעשלונגען. דאָ איז בלויז געבליבן: טרוקענער זאַמד, און דאָס האָלץ פון די בלאָקן. דאָ איז געבליבן: עלעקטריש־געלאָדענע שטעכלדראָט — אַרום דיר, און אוישוויצער הימל — איבער דיר.

ק.
צעטניק

נישט איין מאָל זעסטו אַ העפטלינג פאַלט־צו, פלוצלינג, צום זייטן־ברעט פון זיין נאַרע, בייסט אַריין אין האַלץ די ציין — ציין, לאַנגע, אימהדיקע, אַרויסשטאַרצנדיקע גלייך פון קיך־ביין, אָן אַ שפור פון יאַסלע־פלייש — ביז זיי ברעכן זיך אָפּ, פאַלן אַראָפּ ווי לאַנגע אויסגעטריקנטע טייטל־קערנער אויף דער ערד, און ער בייסט נאָך אַלץ דאָס האָלץ מיט די נאַקעטע יאַסלע־ביינער.

נישט איין מאָל הערסטו אַן אויסגעשריי אין מיטן דער נאַכט: ביי איינעם איז אַ שטיק פון אויסגעדאַרטן פוס געוואָרן אָפּגעביסן.

זויבער. אין אוישוויץ איז זויבער. דער איינציקער שמוץ איז דאָ — דיין לעבן. בשעת בלאָק־שפּערע, ווען אַלע געפינען זיך אין די בלאָקן, איז ריין איבערן לאַגער.

שטיל. צען אויף יעדער נאַרע. ליגן און קוקן צו די ברעטער פון דער נאַרע וואָס איבער זיי: נאַקעטע ברעטער. נישט געהיבלעוועטע. פּופּציק סענטימעטער העכער איבער די אויגן.

צען קעפּ. גאָרנישט בינדט זיי איינעם מיט דעם אַנדערן, ווי עס בינדט נישט די ברעטער איבער דיינע אויגן. אויך דיך האָט מען דאָ צוזאַמענגענאָגלט מיט דיינע שכנים.

צען פּאָר אויגן קוקן, יעדער צום ברעט איבער זיינע אויגן. און פון דאָרט שפּיגלט צו אים צוריק דער רעפלעקס פון אַ לעבן וואָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל, ערגעץ אויף אַ צווייטן פּלאַנעט. אפשר מיט טויזנטער יאָרן צוריק; ערגעץ אויף אַ וועלט וואָס דאַכט זיך אַז דו ביסט דאָרט געווען אַ חלק פון

איר; אַ וועלט — אַ זוניקע, אַן אָפֿענע, אַ גרין־זאַפּטיקע; צעשטראַלט ווי אַ ווייס־געדעקטער משפּחה־טיש.

צען קעפּ. ווי אָפּיום־זויגער אין זייער נאָרע. אַלע צוזאַמען, און דאָך יעדער באַזונדער. אַזוי אויף יעדער נאַרע פֿון בלאָק; אַזוי אין יעדן בלאָק פֿון לאַגער; אַזוי אין יעדן לאַגער אין אױשוויץ.

בלאָק־שפּערע.

דו ווייסט קיינמאָל נישט די סיבה: פֿאַרוואָס קלאַפּט פּלוצלונג דער גאָנג — „בלאָק־שפּערע״? אפֿשר איז איצט אַ באַזוך פֿון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, און ווי תּמיד ווייזט מען זיי דעם רעפּרעזענטאַנץ־לאַגער, דאָרט וווּ עס געפֿינען זיך די אַרבעטער־וואַרשטאַטן; וווּ עס געפֿינען זיך פֿענצטער און טירן אין די בלאָקן; וווּ מען טראָגט שיך אויף די פֿיס און געשטרייפֿטע מיצעלעך אויף די קעפּ; פֿאַרבייפֿאָרנדיק אין אויטאָ לעבן די אָפּגעליידיקטע לאַגערן, ווייזט מען אויף זיי אָן מיט די פֿינגער: אָט זענען די רעזערוו־לאַגערן! אָט די שטילע בלאָקן דאָרט, שטייען גרייט אויף יעדן פֿאַל, טאָמער וועלן זיי זיין נייטיק. ס׳איז ריין. ס׳איז זויבער. ס׳איז שטיל — אַן אידיליע.

און אפֿשר פֿירט מען איצט פֿאַרביי אַ טראַנספּאָרט מלחמה־געפֿאַנגענע צו די „באַדע־אַנשטאַלטן״ און מען דאַרף פֿאַרהיטן אַז עס זאָל חלילה נישט עמיצער אַ שריי טון: „מען פֿירט אייך צו דער גאַז־קאַמער!״.

צען קעפּ. אויפֿן רוקן פֿון ציגל־אויוון דרייט זיך דער שטובן־דינסט אַרויף און אַראָפּ. פֿונדאַנען, פֿון דער אונטערשטער

ברעטער־שיכט זעסטו בלויז זיינע פיס. פּלוצלונג: דער קאָפּ פון איינעם אויף דיין נאַרע הויבט זיך אויף. איין פוס וואַרפט זיך ביי אים אַריבער אויף דעם צווייטן פוס. די צוויי פיס־ביינער פאַרשליפן זיך פעסט אין אַ ציטערדיקן קאָנוווּלסיוון קראַמף. די פויסט פון איין האַנט, אַ געביילטע, דריקט מיטן גאַנצן כוח אויפן שפּאַלט וווּ עס וואַקסן אַרויס די צוויי פיס ביים מענטש.

נײַן קעפּ כאַפן זיך אויף, און קוקן: זיי האָבן עס דערפילט. זיי ווייסן וואָס דאָס איז. זיי האָבן אים געפּאַקט. ער איז געווען דער ערשטער! נײַן פּאָר אויגן זענען איצט געווענדט אַקעגן איין פּאָר אויגן... אַקעגן איין פּנים. נײַן פּאָר אויגן שפּירן איצט נאָך נאָך דעם מינדסטן צוק פון אָט דעם פּנים; נאָך דעם מינדסטן שינוי אין דעם גלאַנץ פון אָט די פּאָר אויפגע־ריסענע אויגן.

איין פּאָר אויגן אַקעגן נײַן פּאָר אויגן. זיין פּנים קרימט זיך אויס אין יסורימדיקע העוויות. דאָס מויל עפנט זיך. זיין אָטעם איז געהאַקט. שווערע לופט־קנוילן לויפן דורך דעם אָפּ־שטייענדיקן מויל: אַריין און אַרויס! אַריין און אַרויס! זיינע אויגן רייסן זיך אויף, מער און מער. ער קוקט צו די נײַן קעפּ ווי ער וואָלט איצט געשטאַנען מיט זיי אין אַ פאַרביטערטן קאַמף. אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. סיי ער קעמפט מיט זיי און סיי זיינע אויגן בעטן רחמים ביי זיי. ער ווייסט: נישטאָ קיין רחמים אין דעם קאַמף. קעמפט ער אכזריותדיק. איינער אַקעגן נײַן. דער אויבערטייל פון זיין קערפּער שאָקלט זיך, ריטמיש־ווילד, שטאַרקער, שנעלער, די פאַרלייגטע פיס דרוקן קאָנוווּלסיווער איינער אויפן צווייטן. די פויסט דריקט פעס־

טער אויף דעם שפּאַלט. און די צווייטע האַנט דריקט אויף דער פּויסט כדי איר צוצוגעבן קראַפט. זיינע אויגן, איינגעשטאָכענע אין ניין פּנימער — און ער שאָקלט זיך. קוקט צו זיי — און שאָקלט זיך. זיין פאַרקוועטשטע פויסט דריקט. דריקט. ער ווייסט: אויב זאָל ער בלויז איין טראָפּן פון דאָרט אַרויסלאָזן, וועט באַלד אַליק אַ פלייץ טאָן ווי פון אַן אויפגעריסענער טאַמע. ער וועט עס נישט קאָנען מער צוריקהאַלטן. ער ווייסט דאָס. די ניין פּאָר אויגן אַקייגן אים ווייסן דאָס אויך. זיי וואַרטן דערויף. אין דער רגע ווי דאָס וועט פּאַסירן, וועלן זיי באַלד אַ רוף טאָן צום שטובן־דינסט: נישט זיי! נישט זיי! דאָס האָט ער געמשתינט אין בלאָק. ער! ער!
ער ווייסט דאָס. ער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אים דערפאַר. יעדער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אַ העפטלינג פאַר שטאָנען אין בלאָק. וואָס זאָל ער טאָן?
ניין פּאָר אויגן איינגעשטאָכענע אין איין פּאָר אויגן. איין פּאָר אויגן, יסורים־אויפגעריסענע, אַקייגן ניין פּאָר אויגן. קיינער רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט. אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. דער אָטעם פאַרכאַפּט. די ציינער פאַרהאַקט און פאַרביסן. בלויז איין מויל שטייט אויפגעריסן, אָטעמט קנוילן לופט: אַריין־אַרויס, אַריין־אַרויס.
וואָס זאָל ער טאָן?
אַ פייער אין אים. פלאַמען לויפן אַרויף צום מוח, ברענען דעם באַלקן פון זיין קאָפּ־שאַרבן, ווילן אַרויס, און קאָנען נישט.
אַ פייער אין אים. פלאַמען לויפן אַראָפּ ביז פינגער פון פיס, פאַרברענען זיין בויך־אונטערטייל, ווילן אַרויס, נאָר זיין

פויסט דריקט דאָרט מיטן גאַנצן כוח. זיין מויל שטייט אָפן. ער שעפּט לופט ווי אַ וואַסער־פּאָמפּע לעבן אַ שריפה, ער וויל לעשן דאָס פייער.

וואָס זאָל ער טאָן? אויף זיין לייב איז בלויז די דינע בלוזע און די דינע הויזן. מער נישט. קיינער טראָגט אויף זיך נישט מער. וואָלט ער געטראָגן אַ דיקן מלבוש וואָלט ער אים איצט געקאָנט אַראָפּכאַפּן פון זיך, צוזאַמענוויקלען אין אַ קנויל, און דאָרט אַריינשטאָפּן.

וואָס זאָל ער טאָן?

ניין פּאָר אויגן. זיי אָבסערווירן יעדן קראַמף אויף זיין פּנים; יעדן אויפגעשאַרצטן קנייטש אויף זיין שטערן; יעדן קאָנ־וווּלסיווון ציטער פון זיינע פּיס. זייערע בליקן פרעגן: שוין? שוין? אָדער צי וועט ער אויסהאַלטן ביז עס וועט זיך ענדיקן די בלאָק־שפּערע? זייערע ציין, פאַרביסענע. פאַרהאַקטע. אויך ביי זיי פאַרלייגט עמיצער אַ פוס אויף אַ פוס. נאָר זיי ווייסן: ער איז געווען דער ערשטער! יעדער פון זיי וויל איצט אַז דער ערשטער זאָל נישט אויסהאַלטן. נאָך אים וועלן אויך זיי קאָנען אַרויסלאָזן אַ טראָפּן. ס'וועט הייסן אַז דאָס איז פון ערשטן.

אויגן קוקן און פרעגן: שוין? שוין?

אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. ניין ווילן ראַטעווען זייער לעבן מיטן טויט פון אַ צענטן. אקייגן זיי צאַפּלט אַ לעבן, אַ געבונדנס אין אייגענע קראַמפּן, און וויל זיך נישט אויסלעשן.

אַ קאַמף צווישן טויט און לעבן. ביז דער טויט כאַפּט אים אָן ביים האַלדז, דריקט. דריקט. נישטאָ מער קיין אָטעם. דער

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

מענטש קוקט דעם טויט גלייך אין די אויגן. דער טויט קוקט צוריק צום מענטש גלייך אין די אויגן. אויגן קוקן צו אויגן. אויגן פרעגן צו אויגן: שוין? שוין?...

— — שוין.

אַ שלווה נידערט אַראָפּ אויף זיין פּנים. ווי גאָטס האַנט וואָלט אָנגערירט אויף זיין שטערן. דאָס ברענענדיקע גהינום פאַרלאָזט אים. ער ווייסט אפילו נישט ווו, דורך וועלכן אָרט, דאָס פייער איז אַרויס פון זיין גוף. די קראַמפּן לאָזן אָפּ, גלייכן זיך אויס אויף זיין פּנים. זיין גוף בלייבט שטיין לער און שטייף, ווי אַן אויסגעברענטער האָלץ־שפּאָן.

— שטובן־דינסט! שטובן־דינסט!

ער שטייט. אין זיינע אויערן קלינגט דער רוף. פון זיינע אויגן קוקן אַרויס ווייסע טויבן.

שטיל אין בלאָק. שטיל אין לאַגער. ערגיץ, צווישן די נאַרעס, האָט אַ שטובן־דינסט אַרויסגעשאַרצט דעם אַרבל אויף דער האַנט פון אַ העפּטלינג, אַ קוק געטאָן אויף דעם אויסגעברענטן נומער אין פלייש, און אַוועק צום שטיבל פון בלאָק־עלטעסטן.

שטיל אין בלאָק. שטיל אין לאַגער. שטובן־דינסט דרייען זיך אויפן רוקן פון ציגל־אויוון. הין און צוריק. הין און צוריק. בלאָק־שפּערע.

ניינטער עטאפ:

# א מענטש ליגט אויפן ציגל-אויוון

לאַנג איז דער בלאָק, און לאַנג דער ציגל־אויוון. ליידיק און לער. בלויז אין דער מיט טיילט דער גוף פון אַ מענטש אַדורך דעם אויוון ווי אַ רייף.

ער איז פּאַרטיק.

זיין בויך — איבערגעוואָרפן אויפן אויוון. די הענט נידערן אַראָפּ אויף איין זייט פון אויוון, און די פיס אויף דער אַנדער־ער זייט פון אויוון. די שטובן־דינסט האָבן אים צוגעגרייט. ער איז פּאַרטיק. מען וואַרט. באַלד וועט זיך עפענען דאָס טירל פון בלאָק־שטיבל. פּראַנצל, דער בלאָק־עלטעסטער, וועט פון דאָרט אַרויסקומען מיטן שטעקן.

ליידיק און לער. פון די נאַרעס, אויף ביידע זייטן בלאָק, קוקן העפטלינגס ווי צוזאַמענגעדרוקטע עופות־קעפּ דורך דער דראָט־נעץ פון זייערע שטייגן. שטייגן — אויסגעשטעלטע לענגאויס די ווענט. פון אונטן ביז צום סופית. פול־פול מיט עופות.

אַ מענטש ליגט איבערגעוואָרפן אויפן אויוון.

פונדאַנען זעסטו נישט זיין קאָפּ. פונדאַנען זעסטו בלויז דעם נאַקעטן אונטערטייל פון זיין לייב; די אַראָפּגעלאָזענע הויזן, וואָס דעקן־צו אויף דער ערד די באָרוועסע פיס־לעפל; די צוויי גריבער פון זיין נאַקעטן געזעס; צוויי לאַנגע פיס־ביינער ווי לאַנגע שטרויען — געלע לאַנגע שטרויען.

מען וואַרט.

פון אָנהויב בלאָק דערנענטערט זיך דער בלאָק־עלטעסטער. ער הערסט דעם קריק פון זיינע שטיוול־טריט. די ערד בוקט זיך צו זיינע פיס. ער קומט־צו ביז צו דעם וואָס ליגט און וואַרט אויף זיין אָנקום; ער גייט אים פאַרביי, און דרייט זיך באַלד אויס, כדי דער שטעקן אין זיין רעכטער האַנט זאָל אויסקומען אַקייגן דעם געלן נאַקעטן לייב. ער לאָזט אַ רגע פאַלן זיין בליק אויף דעם גוף ווי אין צירק דער צויבערער, שטייענדיק פּנים־אל־פּנים מיט דער צוגעגרייטער זאַך פון וועלכער ער דאַרף באַווייזן אַ קונץ. ער הויבט באַלד צוריק אַרויף דעם בליק. ער קוקט זיך אַרום צו די אָנגעפּילטע נאַרעס, פון דער ערד ביז צום סופיט. ס'איז זיין. זיין בלאָק. אַלע פּראָזשעקטאָרן פאַלן איצט אויף אים. אַלע אויגן — צו אים געווענדט. ער איז איצט איינער אַליין אויף דעם ווייסן צירק־טעלער. ער, און די זאַך — דאָס מעדיום.

ער שאַרצט אַרויף דעם אַרבל אויף זיין האַנט. דער ווייסער שטעקן, אַן אויסגעצויגענער אין זיין פויסט. ער קוקט זיך בשעת מעשה אַרום. הויבט אַרויף די אויגן הויך, הויך. אויבן. אין די אויבערשטע נאַרעס, ווו די קעפּ רירן אָן אינעם סופיט: צי קוקן אַלע? צי איז נישט איין פּלאַץ דאָרט לער?

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

ער שאַרצט און פֿאַרבייגט דעם אַרבל פֿאַמעלעך. דער ווייסער שטעקן, אַן אויסגעצויגענער אין זיין פויסט. פּראַנצל האָט אים געבראַנגט פֿון דער באַן־ראַמפּע, ווו ער האָט אים אַרויסגענומען פֿון דער האַנט פֿון אַ בלינדן. אַ גוטער שטעקן, צעבראָכט זיך נישט. צו וואָס דאַרף אַ בלינדער אין אוישוויץ אַ שטעקן? דער אויטאָמאָביל, אויף וועלכן מען האָט אים אַרויפֿגעוואָרפֿן, קאָן דעם וועג צום קרעמאַטאָריום.

אַ מענטש ליגט אויפֿן ציגל־אויוון.

וואָס האָט ער געקאָנט זינדיקן? אפֿשר האָט ער מיטאָג־צייט געקויפֿט ביי אַ שטובן־דינסט אַ פּאָרציע וואַסער־זופּ פֿאַר דער ברויט־פּאָרציע, און אָוונט־צייט, ביים אויסטיילן דאָס ברויט, האָט ער זיין פּאָרציע אַראָפּגעשלונגען? — אָבער ער האָט דאָך געוווּסט וואָס עס דערוואַרט אים פֿאַר נישט אָוועקגעבן די פּאָרציע ברויט!

אפֿשר האָט ער געשטאַנעט אין בלאָק בשעת דער בלאָק־שפּערע? — אָבער ער האָט דאָך געוווּסט וואָס עס דערוואַרט אים פֿאַר שטאָנען אין בלאָק!

וואָס האָט ער געקאָנט זינדיקן?

פֿונדאַנען זעסטו נישט דעם קאָפּ. פֿונדאַנען זעסטו בלויז דעם נאַקעטן אונטער־טייל. אָט איז ער — דער אַנטבלויזטער אונטער־טייל פֿון אַ מענטש! דער טייל פֿון גוף וועלכן דו האָסט אַממערסטן צוגעדעקט; דער טייל פֿון גוף וואָס איז ביי דיר אַממערסטן אינטים; דער טייל פֿון גוף וואָס איז געווען ווי דיין קדשי־קדשים — גאָט פֿון ליבע האָט דאָרט אַנטפּלעקט זיין פּנים צווישן די אויסגעשפּרייטע פֿליגל פֿון צוויי כּרובים.

אָט איז ער — דער אויפגעדעקטער גוף־אונטערטייל פון אַ מענטש! ער ליגט אויפן ציגל־־אויוון אין אַ בלאָק פון אוישוויץ.

גוף! ווער ביסטו?

צי האָסטו, גוף, געהערט צו אַ מאַן אין זיין פרילינג, צעשטראַלט ווי אַ יונגער זון־גאָט אין פרימאָרגן פון חודש מאַי?

צי האָסטו, גוף, געהערט צו אַ מאַן אין דער צייט פון זיין פולער צעבליטקייט; אַ צעשפילטער אַפּאָלאָ, צו וועמען פרויען־אויגן האָבן זיך געהויבן מיט תפילה אין האַרץ?

צי האָסטו, גוף, געהערט צו אַ מאַן — רייף ווי שטאַרקער וויין, קרעפטיק־באַלאָדנט מיט כוח, ווי פולע שייערס אין סוף־זומער?

פונדאַנען זעט מען נישט דעם קאָפּ. פונדאַנען זעסטו בלויז זיין אויפגעדעקטן אונטער־טייל: געלע גריבער, חרובע, אָנשטאָט די צוויי עפּל־העלפטן פון געזעס; און אָנשטאָט די צוויי פולע לעיק׳עם פון פיס־אויבערשענקלען — צוויי דינע, לאַנגע שטריען, אָפּגערוקטע איינער פון אַנדערן. אַ ברייטער חלל. דער מענלעכער אייער־זאַק הענגט צווישן זיי אַראָפּ ווי אַ לאַנגע, ליידיקע בעטלער־טאָרבע, און די רויטע ציגל פון אויוון קוקן אַרויס פון ביידע זייטן.

אָט איז ער — דיין קדשי־קדשים! אויפגעריסן און געשענדעט! רויטע ציגל פון אוישוויץ־אויוון — אָנשטאָט די לויטערקייט פון דער שכינה!

דער שטעקן הויבט זיך אַרויף: קוקט אַלע, — אַ קונץ! אָן שום אויגן־פאַרבלענדעניש. דער אַרבל איז אַרויפגעשאַרצט. קוקט: אָט ליגט פאַר אייך אַ לעבן. אַיאָ? באַלד וועט איר זען —

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

דער שטעקן מאַכט אַ ווייס־פּליענדיקן דריי־פערטל ראָד אין דער לופט, שניידט זיך אַריין אין די צוויי געלע געזעס־גריבער. בלייבט ליגן אויף דער מעטע!

די צוויי פיס גיבן זיך אַ טרייסל ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט זיי אַדורכגעלאָפן. נאָר יעדער פוס איז צוגעבונדן צום אייזערנעם האָק פון אויזון, אויף דער צווייטער זייט איז ווידער יעדע האַנט, באַזונדער, אָט־אַזוי צוגעבונדן.

אָט ליגט פאַר אייך אַ לעבן —

נאָך דעם צוואַנציקסטן מאָל — ווען אָט דער ווייסער שטעקן וועט צוקומען צו דער נאַקעטער מעטע — וועט נישט זיין מער קיין לעבן! דער אַרבל איז אַרויפגעשאַרצט. נישטאָ קיין שום אויגן־פאַרבלענדעניש. ביים צענטן מאָל וועלן די פיס מער נישט קיין דריגע טאָן. ביים פינפצעטן מאָל וועט דער קאָפּ־שאַרבן זיך ווידער אַ הויב טאָן, ווי אַן אויפגעוועקטער פון שלאָף. און שוין — אוים! דער געלער סקעלעט וועט דער־נאָך ליגן אַן אויסגעליידיקטער. דאָס לעבן וועט שוועבן פון דרויסן, אין דער לופט, איבער אים. איר וועט עס זען! איר וועט עס זען!

אָט אַ קונץ פון אַ ווייסן שטעקן!

אַ שטעקן וואָס האָט באַגלייט, אונטערגעשפּאַרט, און געפירט אַ מענטשלעך לעבן ערגיץ אויף אַן אַנדערער וועלט.

אָט אַ קונץ פון אַ שטעקן! קיין שום אויגן־פאַרבלענדעניש. דער אַרבל איז אויפגעשאַרצט.

נאָר אַלע ווייסן אַז דאָס איז פאַרט אַן אויגן־פאַרבלענדעניש. ווייל אין יענער רגע, ווען אָט דער גוף האָט געשטאָנעט אין בלאָק בשעת דער בלאָק־שפּערע — איז דאָס לעבן פון אים

אַרויס. נישט איצט. דעמאָלט. דעמאָלט. ער האָט עס געפילט
נאָך דעמאָלט. ער האָט עס געוווּסט. אַלע האָבן עס
געוווּסט.

אָט ליגט פאַר אייך אַ לעבן. פונדאַנען זעסטו נישט זיין
פּנים —

לעבן! לעבן! ווער ביסטו?

צי האָסטו געהערט צו אַ נייעם אויפגייענדיקן זיגמונד
פרויד?

צו אַן איינשטיין?

פונדאַנען זעט מען נישט זיין קאָפּ. פונדאַנען זעט מען בלויז
זיין נאַקעטן אויפגעדעקטן אונטער־טייל.

זאָג, לעבן! געבונדנס אויפן ציגל־אויוון אין אוישוויץ — ווער
ביסטו געווען?

זאָג, דו איינשטיין, פון דרויסנדיקער וועלט! צי וואָלסטו דיך
געקאָנט איינהאַלטן און נישט שטאָנען בשעתן „בלאָק־שפּערע"
אין אוישוויץ?

זאָג, דו פרויד, פון דרויסנדיקער וועלט! ווען דו וואָלסט נישט
באַצייטנס אָנטלאָפן, צי וואָלסטו נישט איצט געלעגן אַ געבונ־
דענער מיט אַראָפּגעלאָזטע הויזן אויפן ציגל־אויוון פון
אוישוויץ?

לעבן! לעבן! ווער ביסטו?

פון די נאַרעס, אויף ביידע זייטן בלאָק, קוקן העפטלינגס ווי
צוזאַמענגעדריקטע עופות־קעפּ דורך דער דראָט־נעץ פון
זייערע שטייגן; שטייגן אויסגעשטעלטע לענגאויס די ווענט.

פון דער ערד ביז צום סופיט —

אַ מענטש ליגט אויפן ציגל־אויוון.

צענטער עטאפ :

# תפילה אין אוישוויץ

אַ וואַסערפאַל פון געלע אויסגעטריקנטע ביינער.

זיי שיטן זיך געל־צעשפריצטע, איינער איבער דעם אַנדערן, אַראָפּ אַראָפּ, צום מיטן פון בלאָק.

פון אַלע שפּאַרונעס און לעכער; איבער זייטן־ברעטער פון די דריי־שטאָקיקע נאַרעס, דריקן זיי זיך אַרויס און שטראָמען פון דער הויך אַראָפּ, אַראָפּ.

טויזנט סקעלעטן האָבן פּלוצלונג געעפנט אויגן. ברייט צעעפנט.

אויסגעטריקנטע ביינער זענען פּלוצלונג אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

שנעלער! שנעלער!

זיי רייסן זיך פון די ברעטער, אויף וועלכע זיי זענען פריער געלעגן. אַ פייערדיקער באַגער שלאָגט פון זייערע אויגן, שנעלער. שנעלער —

באַלד וועט מען אויסטיילן די מיטאָגזופּ!

ביינער רוישן. ביינער קלימפּערן. ביינער סדרן זיך, ביינער

שטעלן זיך אויס אין ריי. אַ סקעלעט הינטער אַ סקעלעט. יעדער סקעלעט וויל זיין פריער אין דער ריי. ביינער קלאַפּן זיך אָן אין ביינער. זיי לעבן! זיי לעבן!

שנעלער. מען האָט שוין געבראַכט די פעסער מיט זופּ!

ווי אַן אויסגעשטייפטער רוקן פון אַ שלאַנג ציט זיך דער לאַנגער ציגל־אויוון אין מיטן בלאָק, פון עק ביז עק. קיינער וועט דיר דאָ נישט זאָגן צי אין אָט דעם משונהדיקן ציגל־אויוון איז ווען־אַמאָל געוואָרן געהייצט. יענע, די צענדליקער טויזנטער, וואָס זענען לעצטן ווינטער דאָ געווען, זענען שוין פון לאַנג אַוועק הייצן מיט זייערע אייגענע לייבער דעם קרע־מאַטאָריע־אויוון. אָבער יעדע פּאָר אויסגעריסענע אויגן וועלן דיר עס באַלד זאָגן, און אין יעדער פּאָר אויסגעריסענע שוואַרצאַפּלען וועסטו באַלד קענען זען דאָס פּאַרגליווערטע שטיין־געבליבענע בילד: אַ נאַקעטער סקעלעט מיטן קאָפּ אַראָפּ, איבערן רוקן פון ציגל־אויוון. דער שטעקן פון בלאָק עלטעסטן האַקט פון דאָרט אַרויס דעם לעצטן ווייסן וויבריר פון חוט־השדרה־פּאָדעם —

דער לעצטער וויבריר וואָס האָט אים צוגערעדט ער זאָל זיך שטעלן אַ צווייטן מאָל אין ריי צו דער זופּ־אויסטיילונג.

פאַרן אַוועקגיין אין קרעמאַטאָריע האָט ער געוואָלט כאָטש איין מאָל פאַרזוכן דעם טעם פון צוויי זופּן. צוויי פּאָרציעס זופּ אויף איין מאָל! אָ, דער אויסגעבענקטער חלום פון יעדן אין אוישוויץ! ער האָט בשום־אופן נישט געקאָנט איבערלאָזן נאָך זיך זיין חלום אַ נישט־פאַרווירקלעכטן.

אַ וואַסערפאַל פון ביינער.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

אויף דער ערד, אַרום דעם לאַנגן ציגל־אויוון, אַ געלער שטראָם נאַקעטע שאַרבנקעפּ; אויגן — צעפּונקטע באַגערן, כוואַליעס, כוואַליעס, איינע איבערן רוקן פון דער אַנדערער, צעשווימטע און צעשפּריצטע, צום אויסגעבענקטן ברעג, צום אָנהייב פון בלאָק, צום אָרט ווו עס שטייט אַ שווייגנדיק־פּאָרכטיקער, אַ גרויזאַמער, און אַן אימה־געאַכפּערטער, ווי אַ צויבערער און ווי אַ מכשף, מיטן שעפּלעפּל אין האַנט צווישן פּעסער זופּ — ער אַליין, דער בלאָק־עלטסטער!

ער וואַרט. זיינע אויגן אַריינגעשטאָכענע אין טיפן חלל פון לאַנגן בלאָק. דער שעפּלעפּל אין זיין האַנט, נאָר דער שעפּ פון לעפּל רוט אויפן ראַנד פון פּאַס. ער שטייט צווישן די פּאַרע וואָלקנס פון די פּעסער זופּ, ער גייט־אויף פון צווישן זיי ווי פון צווישן פלאַמען. דער גרויזאַמער שד. דער אוישוויצער טויט איז איצט געהילט אין וואָלקנס פון זופּ. ער גופא איז איצט — זופּ! ער, דער געוועלטיקער איבער די פּעסער! ער, דער שוידערלעכער זופּ־גאָט!

ער וואַרט. זיין בליק, דער אַריינגעשטאָכענער אין דער טיף פון בלאָק, טרייסלט־אויף די אויסגעטריקנטע ביינער, בלאָזט אין זיי אַריין לעבן. און זיי שיטן זיך פון ביידע זייטן לענג אויס דעם בלאָק, פון די דריי־שטאָקיקע ברעטער־נאַרעס. פון אַלע לעכער און שפּאַרונעס. אַראָפּ. אַראָפּ. שנעלער. שנעלער.

אויפן רוקן פון ציגל־אויוון, נאָענט צו די פּעסער, שטייען די שטובן־דינסטן. הויכע שיסל־שטויסן אויף זייערע אָרעמס, ווי קוימענס וואָס שטייגן העכער פון זייערע קעפּ. פאַר־שידענע שיסלען: טיפע, פלאַכע, ברייטע, שמאָלע; פאַר־

ק.
צעטניק

זשאַוו־ערט־בלעכענע פון אָרעמע יידישע קעלערשטיבער, און בלאָ־געשירענע, פון באַלעבאַטיש־איינגעפּרדעוועטע היימען; קינדער־שיסעלעך.

מאַמעס, אַרויסגעשלעפּטע ביינאַכט פון די בעטן צו די אוישוויץ־טראַנספּאָרטן, האָבן מיט זיך מיטגעכאַפּט אין גרויסער בהלה, ווער אַ טעפּל, ווער אַ שיסעלע — „זאָל זיין אַ פּיצל ווירטשאַפט פאַר די קינדער!" — און דאָס איבער־געלאָזט אויף דער ערד פון דער אוישוויצער באַן־ראַמפּע פאַרן אַוועקמאַרש צו דער קרעמאַטאָריע.

שיסעלעך און טעפּלעך —

אָ, איר יידישע שיסעלעך און טעפּלעך, ירושהדיקע פון דורות! מיילער פון מאַמעס זענען פון אייך געקאָרמעט געוואָרן ווען זיי גופא זענען נאָך קליינע קינדער געווען! שיסעלעך און טעפּלעך, אויסגעבראַקירטע, וואָס האָבן מער נישט געטויגט אַז מען זאָל זיי אַוועקפירן קיין דייטשלאַנד פאַרן דייטשן פאָלק — איצט זענען זיי אויפגעשטויסן אויף די אָרעמס פון די שטובן־דינסטן. הויך־הויך. און טויזנט פאָר אַרויס־געזעצטע אויגן קוקן צו זיי. טויזנט הערצער צאַפּלען. טויזנט ליפּן פּרעפּלען אַ תפילה:

— — אָ, גאָט! צוקומענדיק צום שטובן־דינסט, זאָל אויף מיר אויספאַלן אַ גרויסע שיסל!...

יעדער ווייסט, אַז אין אַ גרויסער שיסל באַקומט מען נישט מער ווי אין אַ קליינער. זיגפריד, דער בלאָק־עלטסטער, האָט זיין אייגענעם שעפּלעפּל און זיין אייגענע מאָס. פונדעסטוועגן פלאַטערט דאָס לעבן אין דיין סקעלעט: „אָ, גאָט, אַ גרויסע

שיסל!...״ פון אַ גרויסער שיסל עסט זיך אַנדערש. נאָכן אויפעסן איז פאַראַן מער שיסל צום לעקן. און דער עיקר: צוריקגייענדיק פון פּאַס מיט אַ גרויסער שיסל אין די הענט, ביסטו זיכער אַז עס וועט זיך, חלילה, נישט אויסגיסן קיין טראָפּן פון דיין פּאָרציע זופּ. „אָ, גאָט! נאָר דאָס זאָל מיר נישט טרעפן!״...

אָפּטמאָל: דו גייסט צוריק פון פּאַס מיט דער פּאָרציע קאָכיקער זופּ אין אַ קליין שיסעלע; דאָס וואַסער־שפּיגעלע דערגייט ביז צום ראַנד; עס ברענט דיר די שפּיץ פינגער; דו ביסט אויף צוריקוועגס צו דיין נאַרע, און דו דאַרפסט זיך אַדורכשטופּן צווישן האָרדעס העפּטלינגס וואָס שטייען דיר אין וועג — און קוקן. רק זיי קוקן! דאָס לעבן אין דיר שטייט שוין אויפן שפּיץ פון אָטעם. דו שפּירסט: דיינע אויגן קריכן אַרויס פון די לעכער. נאָר דו קענסט נישט און דו טאָרסט נישט אַוועקנעמען די אויגן פון איבערגייענדיקן וואַסער־שפּיגעלע וואָס הייבט זיך איבער די ראַנדן. און דאָ, אַרום דיר, רק מען שטופּט זיך, און מען קוקט: „מוזולמענער! פאַרשטונקענע מוזלמענער! וואָס האָט איר זיך דאָ אַוועקגעשטעלט? פאַרפוילטע מוזלמענער! פאַרברענט זאָלט איר ווערן אין קרעמאַטאָריע. לאָזט אַדורך! לאָזט אַדורך!״... און זיי — רק זיי שטייען דיר אין וועג און קוקן. פּלוצלונג — אַ שטופּ אינעם עלנבויגן, און...

סקעלעטן וואַרפן זיך צו דער ערד. ביינער אויף ביינער. אַ פאַרפלאָכטענער באַרג. ציינער פון איין מויל בייסן זיך איין אין ציינער פון צווייטן מויל. צינגער זייגן פון דער שוואַרצער

ערד, לעקן־אוים ביזן סוף דעם פֿאַרגאָסענעם ריח פֿון
זופּ.

דעריבער, שטייענדיק אין ריי, קוקן טויזנט פּאָר אַרויסגעזעצטע
אויגן צו דעם שטוים שיסלען אויף דעם אָרעם פֿון שטובן־
דינסט. טויזנט הערצער פֿרעפֿלען אַ תּפֿילה, די אינטימסטע
תּפֿילה פֿון האַרץ. פֿון דער טיפֿסטער טיף קומט זי. אַ תּפֿילה,
אין אַלע שפּראַכן פֿון אייראָפּע. יעדער ברענגט זי אַרויס אויף
זיין שפּראַך, יעדער לויט זיין נוסח. ניין, מען ברענגט זי
נישט אַרויס. זי רייסט זיך פֿון זיך אַליין:

„אָ, גאָט, אַ גרויסע שיסל — — —"

אַז אַוועקגייענדיק פֿון פּאַס זאָלן די אויגן קאָנען זען ווי די
זופּ ליגט אין איר אַ זיכערע.

ווייל נישט קיין זופּ ליגט אין דער שיסל. דיין לעבן ליגט
דאָרט. דיין לעבן? — מער ווי דיין לעבן. אַ סך מער. איבער
דיין לעבן ציטערסטו נישט אַזוי שטאַרק. אין דיין לעבן
האָסטו שוין לאַנג פֿאַרגעסן. אינעם לעבן פֿון דיין ווייב, פֿון
דיינעם אַ קינד; אין דעם לעבן פֿון אַ געוועזענער וועלט —
האָסטו שוין לאַנג פֿאַרגעסן. אָ, ניין! נישט דאָס ליגט אין
דער שיסל. אַפֿילו קיין זכר פֿון דעם ליגט מער נישט דאָרט.
דאָרט ליגט עפּעס הייליקערס, עפּעס דערהויבענערס, דאָרט
ליגט אַ פּאָרציע זופּ!

אַ גאַנצע פּאָרציע זופּ!

און ווי גוט, ווי ווויל איז דיר און ווי טייער, אויב דו ווייסט,
אַז קיין טראָפּן וועט פֿון איר נישט פֿאַרגאָסן ווערן.

— העי! וואָס האָט איר זיך דאָ אַוועקגעשטעלט?!...

יענע וועלכע האָבן שוין אַראָפּגעשלונגען זייער זופּ, אויס־געלעקט די פּאַרזשאַווערטע שיסל פון אינעווייניק און פון דרויסן — שטעלן זיך באַלד אַוועק קוקן צו די וואָס גייען ערשט אַוועק פון פּאַס מיט די שיסלען אין זייערע הענט. אַ געגיי פון שיסלען זופּ: קליינע געהויפטע שיסעלעך, וואָס מיטן ערשטן בליק זעט מען באַלד די זופּ, און טיפע שיסלען, פון וואַנען מען זעט בלויז די הייסע פּאַרע אַן אויפגייענדיקע פון ליידיקע ראַנדן — מען דאַרף זיך אַריבערבייגן און אַריינקוקן, כדי צו זען די זופּ מיט די אויגן. וואָס גיט דיר דאָס קוקן אין פרעמדע שיסלען זופּ? מען ווייס נישט צוליב וואָס מען טוט דאָס, נאָר ס׳איז נישט מעגלעך דאָס נישט צו טאָן. נאָך דעם ווי מען האָט שוין אויפגעגעסן די אייגענע פּאָרציע זופּ, אויסגעלעקט די אייגענע שיסל, מוז מען לויפן קוקן ווי אַנדערע גייען פאַרביי מיט שיסלען זופּ. מען מוז! מען מוז! ס׳ציט. מען קאָן נישט דאָס נישט טאָן. כאָטש וואָס וועט דיר דאָס געבן? וואָס וועט דיר דערפון אַרויס־קומען? קיינער טראַכט אַפילו נישט וועגן דעם. ס׳איז קלאָר ווי דער אוישוויצער טאָג, און פאַרשטענדלעך ווי דער אוישוויצער פאַרשטאַנד. מען מוז לויפן קוקן; ווייל ווי אַזוי קאָנסטו דיר דאָס גאָר אויסמאָלן צו בלייבן זיצן אויף דיין נאַרע, נאָכדעם ווי עס איז שוין מער גאָרנישט דאָ צו לעקן אויף דעם בלעך פון דיין שיסל, בשעת אונטן, אין בלאָק, האַלט מען אין איין גיין מיט שיסלען זופּ?

די הענט וואָס האַלטן די שיסלען — פאַרשווינדן. דו זעסט זיי נישט. דו זעסט בלויז — אַ געגיי פון שיסלען זופּ אין דער לופט. הונדערטער שיסלען זופּ! אַן אומגעהייערע

ק.
צ ע ט נ י ק

איבערמענטשלעכע קראַפט טרייבט דיך צו קוקן צו דער זופּ אין די שיסלען. זען יעדע באַזונדער מיט דיינע אויגן.

אָפּטמאָל זעסטו די הענט, און אָפּטמאָל זעסטו זיי נישט. שיסלען זופּ שוועבן אַנטקעגן צו דיר. אַלע צו דיר. ס׳רינט פון דיין נאָז, פון דיין מויל. דורך דיינע אויגן גיסן זיך שיסלען זופּ גלייך צו דיינע ליידיקע קישקעס. אָן אויפהער. אָן אויפהער.

ממש לעבן דיר שטופּט זיך פאַרביי איינער מיט אַ קליין שיסעלע זופּ. מען זעט זי, די זופּ. מען קאָן צו איר מיט די הענט דערלאַנגען. ס׳שלאָגט אַ פאַרע פון פולן, רייצנדיקן שפּיגעלע. דער טראָגער הייבט נישט אַרויס די אויגן. ער שרייט אינעם פולן שיסעלע אַריין: פאַרפוילטע מוזלמענער, וואָס האָט איר זיך אַוועקגעשטעלט אין וועג? אַוועק, אַוועק! דו טראַכסט: אָ, ווען דאָס שיסעלע קערט זיך איבער, און פאַלט צו דער ערד! דו וואָלסט איצט געקאָנט דער ערשטער זיך אַ וואָרף טאָן אויף דער קאַלוזשע מיט די ציין. נאָר באַלד ווי אָט דער שרייער איז אַוועק און אויסגעלעקט זיין אייגן שיסעלע פון אינעווייניק און פון דרויסן, לאָזט ער זיך אַראָפּ שנעל פון דער ברעטער־נאַרע און שטעלט זיך אַוועק קוקן צו יענע וואָס גייען איצט אַוועק פון פאַס מיט פולע שיסעלעך. אַ שטייגער ווי אין דער זופּ, וואָס דו האָסט נאָר וואָס אַראָפּגעשלונגען, וואָלט זיך געפינען אַזאַ מין סם, וואָס ווי נאָר ער קומט אין דיר אַריין, צווינגט ער דיך דו זאָלסט באַלד לויפן קוקן צו פרעמדע שיסלען. אַ מאַגישע

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

קראַפּט. העכער פון דיין שכל און שטאַרקער פון דיין כוח.

טוויזנט פּאָר אויגן קוקן צום שיסלען־שטוים אויפן אָרעם פון שטובן־דינסט: אַ קליין שיסעלע ברייט די ביינער־שפּיצן פון די פינגער. אַ קליין שיסעלע קאָן דיר ווערן אַרויסגעשטויסן פון די הענט צו דער ערד. אָ, גאָט! נאָר דאָס זאָל דיר נישט טרעפן! אָ, גאָט! אָ, גאָט!...

תּפילה אין אוישוויץ —

צו אַ שיסל, אַ טיפער, מיט ברייטע ראַנדן.

עלפטער עטאפ :

# אוונט-אפעל אין אוישוויץ

עפּעס בענקט זיך בשעתן אָוונט־אַפּעל.

וואָס בענקט דיין האַרץ בשעתן אָוונט־אַפּעל אין אוישוויץ ?

שטיל.

ביים סוף פון לאַגער־שאָסיי ליגט אויף דער ערד, צונטער־רויט, דער גאָלער קאָפּ־שאַרבן פון דער זון, און די אונטערשטע שורות פון דעם שטעכל־דראָטענעם מויער שטעקן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

שטיל.

אַ טאָג שטאַרבט אין אוישוויץ.

אַרום און אַרום, אין די לאַגערן אַרום דיין לאַגער, שטייען איצט די העפטלינגס אויף די ציילונגס־פּלעצער צום אָוונט־אַפּעל. שטיל. באַלד וועט זיך אויך אין דיין לאַגער עפענען דער טויער. דער דייטשער ראַפּאָרט־פירער וועט אָנקומען. ס.ס.־מענער וועלן ציילן. אָרדענונג. עס דאַרף שטימען די צאָל.

ק.
צעטניק

אַקעגנאיבער דיינע אויגן שלאָגט אַרויס אַ פּעטער, געדיכטער רויך פון קרעמאַטאָריע־קוימען, אַ פונקען־געווירקלטער. ער לאָזט זיך אַראָפּ איבערן לאַנגן לאַגער־שאָסיי, ער שפּרייט זיך אויס צופוסנס די אַפּעל־פּלעצער. דיר דאַכט: די פאַר־ברענטע זענען פון געוווינהייט צוריק אָנגעקומען זיך שטעלן אין ריי צו דער אָוונט־ציילונג.

די שטעכל־דראָטענע מויערן צינדן זיך אָן מיט דער רויטער שקיעה. אָן אַ שיעור שטעכלדראָטן. סיי פון דיין לאַגער און סיי פון די לאַגערן אַרום דיין לאַגער. אָנגעגליטע שנורן. זיי ציען זיך פאַר דיינע אויגן ווי אַ פולער בלאַט נאָטן־ליניעס, אָנגעשריבענע אויפן האָריזאָנט, מיט וואַך־טורעמס ווי מוזיק־שליסלען ביי די זייטן —

אוישוויץ־קאָמפּאָזיציע.

אינדרויסן, אויפן הויפּטשאָסיי, קערט צוריק אַ פאַרשפּעטיקטע פרויען־קאָמאַנדע פון דער אַרבעט. זיי מאַרשירן אויפן וועג צום פרויען־לאַגער — אַ לענגלעכער פּילפּיסיקער וועדעמל אויפן נאָטנבלאַט. די קאַפּאָ־פרוי טרעט מיט איר רוקן פאָרויס. איר פּנים צו די מאַרשירנדיקע שורות. זי האַלט דעם שטעקן, אָן אויפגעהויבענעם, הויך אין דער לופט ווי אַ קאַפּעלמייסטער. לענגאויס די שטיל־שווייגנדיקע מענער־לאַגערן הילכט אָפּ דער עכאָ פון איר סאָפּראַנען קאָמאַנדע־געשריי:

— צוויי־דריי־פיר — לינקס!

— לינקס!

— לינקס!

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

קאַפּאָ — און סאָפּראַנען־שטימע.

שטילע געזעגענונגס־שעה אין אוישוויץ. שעה פון אָוונט־אַפּעל. דער טאָג פאַרלאָזט דעם לאַגער אויף אַ פייערדיקן רייטוואָגן. דו קוקסט אים נאָך: וואָס איז דאָרט, ווייט־ווייט, נאָך די שטעכל־דראָטענע מויערן, דאָרט ווו דער טאָג לאָזט זיך אַראָפּ?

איז דאָרט פאַראַן אַ וועלט, אַ פרייע?

דו קוקסט אים נאָך: אַ לאַנגער אָנגעצונדענער טעפּיך אויפן ים. ער ציט זיך ביז צו אַ געעפנטן פייערדיקן טויער. די פרויען־קאָמאַנדע טראָגן דעם טאָג, אַן איינגעוויקלטן, אויף זייערע אַקסלען. באַלד וועלן זיי צוקומען צום ברעג. זיי וועלן אים אַראָפּלאָזן ווי אַן ארון פון אַ שיף. אַלעמענס אויגן וועלן אים נאָכקוקן אויף זיין לעצטן וועג צום פרייען לאַנד —

ביז דער פייער־טויער וועט זיך הינטער אים פאַר־מאַכן.

אַ טאָג גייט אַוועק. דו קוקסט אים נאָך: אַזוי קוקט אַ געליבטע צום רוקן פון איר געליבטן, וואָס רייט אַוועק אויף זיין פערד. אינעם האַרץ איז פאַרחתמעט דער גורל: ער וועט נישט קומען צוריק!

אָ, רייטער! נעם מיט זיך דיין געליבטע אויף דיין פערד!

אויף דער צווייטער זייט פון לאַגער וועט זיך באַלד עפענען דער טויער. דער ראַפּאָרט־פירער וועט אָנקומען. פראַנצישעק, דער בלאָק־עלטסטער וועט אויסשרייען: „פערטיק! בלאָק 15,

ק.
צעטניק

שטילשטאַנד!"... דער ס.ס.־מאַן וועט פאַרבייגיין. ער וועט ציילן די פיס־פּאָר פון דער ערשטער שורה. נאָכן לעצטן פיס־פּאָר ליגן די קעפּ פון די טויטע. ביים פרימאָרגן־אַפּעל זענען זיי נאָך געשטאַנען אין דער ריי. איצט ליגן זיי אויף דער ערד גראָדליניק־אויסגעסדרטע. זיי ציען זיך אַרויס נאָך די פיס פון דער ערשטער שורה, ווי עס ציט זיך דער לאַנגער שטעקן נאָך אַ פאָן.

דער ס.ס.־מאַן וועט ציילן די שטייענדיקע פיס־פּאָר אין איין אָטעם מיט די ליגנדיקע קעפּ. אָרדענונג. די צאָל דאַרף שטימען.

אויף איין זייט פון לאַגער שלאָגט אַ געדיכטער פעטער רויך פון קרעמאַטאָרע־אויוון, און אויף דער צווייטער זייט פון לאַגער גייט־אויס, אַ שטילער, דיין טאָג. אויגן קוקן אים נאָך: אָ, רייטער! — —

פּלוצלונג:

איינער גייט אַרויס פון די שורות. די שקיעה צינדט־אָן זיין פּנים. ער גייט איר אַנטקעגן. די געלע ביינער פון זיינע נאַקעטע הענט און פיס גליען זיך אָן. זיינע אָרעמס זענען שווער באַלאָדן מיט דעם לעצטן גינגאָלד פון דער שקיעה. ער הויבט זיך דערמיט אָן אַ פולן סקעלעט, פולע פּאָלעס, פולע גאַפּנס. אַ שווער־באַלאָדנטער שטעלט ער קוים זיינע טריט. ער דערווייטערט זיך. אַלע קוקן אים נאָך. ער גייט לענגאויס דער שורה טויטע. נישטאָ פאַר אים קיין פּלאַץ צווישן די ליגנדיקע. גייט ער ווייטער, ווייטער, ביז צום סוף, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, ווי עס לאָזט זיך אַראָפּ

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

אַ מידער וואַנדערער צו דער געבענטשטער רו פון געלעגער אין זיין צוריקגעקערטער היים. רוקנווייַלעכיק לייגט ער זיך אַראָפּ. סדרט זיך גלייך, גלייך, מיט דער טויטן־ליניע. דאָס פּנים צום אוישוויצער הימל — און לעשט זיך באַלד אויס ווי אָנגעגליט אייזן אינעם קאַלטן וואַסער.

ווידער אַ געלער קאָפּשאַרבן, ווידער געלע, נאַקעטע ביינער. דער שטעקן פון פאָן איז לענגער געוואָרן מיט דער זעלבער קאָליר.

ס'האָט נאָך קיינער קיינמאָל זיך נישט אַזוי אָוועקגעלייגט ביים פרימאָרגן־אַפּעל; און ס'האָט נאָך קיינער קיינמאָל נישט זיך צוריק אויפגעשטעלט נאָכן אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד בשעתן אָונט־אַפּעל.

„אָ, רייטער! — — —"

עפּעס בענקט זיך בשעתן אָוונט־אַפּעל —
וואָס בענקט דיין האַרץ בשעתן אָוונט־אַפּעל אין אוישוויץ?

שטיל.

אַ טאָג שטאַרבט אין אוישוויץ. אים, דעם טאָג, וועט מען נישט פירן צו דער קרעמאַטאָריע. ער, דער טאָג, וועט זיך נישט אַרויסוויקלען צווישן פעטן רויך פון קוימען. ער גייט אוים שטיל. אָט אַזוי. אָט אַזוי, אויף די אַקסלען פון די מיידלעך וואָס מאַרשירן דאָרט צוריק צום פרויען־לאַגער.

איז עס נישט דאָרט דיינע אַ שוועסטער?

ק.
צעטניק

## אַ מוטער?

## אַ געליבטע?

שטילע געזעגענונגס־שעה. שעה פון אָונט־אַפּעל. הינטער דיין רוקן, ווייט־ווייט, פון דער שטילער לופט אַרויס, שלאָגן זיך אָפּ ביים ברעג פון דיין אויער אַפּגעריסענע פּאַליעס, פּאַליעס פון טאַצן־צעבראַזג:

— טצאַך... טצאַך... טצצצצאַטצאַך...

דו ווייסט: ס'איז דער אוישוויצער בלאָז־אָרקעסטער; אָפּגע־ריסענע קלאַנגען, וואָס קומען פון אָרקעסטער־פּלאַץ. זיי רייסן זיך צו דיר אַהער פון טיפער שטילקייט אַרויס.

די בעסטע מוזיקער פון אייראָפּע שטייען דאָרט אויסגע־שטעלט אויפן פּלאַץ. אַ ליידיקער פּלאַץ. אויף אַ בענקל שטייט דער קאַפּעלמייסטער. אָפטמאָל טרעפט אַ פאַרשטאָפּונג ביי דער קרעמאַטאָריע. לאַנגע רייען שטייען אויסגעשטעלט לעבן דער גאַזקאַמער און וואַרטן. די אויוונס ברענען אָן איבער־רייס. דאָס נאַפּטפעלד איז נאָך איבערגעפּולט מיט מוזלמענער פון די לאַגערן. און פּלוצלונג, נאַ דיר: אַ פריש־אָנגעקומענער טראַנספּאָרט מיט צענער טויזנטער! די ערגסטע צרה מיט די נייע. אָפטמאָל טרעפט, בשעת אַזאַ פאַרשטאָפּונג, איינער פון די נייע הייבט אָן שרייען און באַלד — אַלע ווי איינער נאָך אים! דעמאָלט הייבט אָן דער בלאָז־אָרקעסטער שפּילן: טראָמפּייטן! פּויקן! טאַצן!

די בעסטע מוזיקער פון אייראָפּע. יעדער פון זיי באַקומט אַ טאָפּעלע זופּ.

אַקעגן־איבער דיינע אויגן גליען די שטעכלדראָטן מיט דער לעצטער שקיעה. זיי צעביטשן דעם האָריזאָנט ווי שאַרפע

דער זייגער
האָס
איבערן קאָפּ

פּראָזשעקטאָרן־ריטער. די מיידל־קאָמאַנדע מאַרשירט צווישן זיי ווי אַ פאַרלוירענער פליער אויף דעם שונאס ברענענדיקע הימלען. מען זעט די נאַקעטע ביינער פון זייערע מאַרשירנ־דיקע פיס. זיי טראָגן מיט זיך די שטילע גסיסה פון טאָג אויף די וויעס פון זייערע אויגן. איז ניסט דאָרט דיינע אַ שוועס־טער? אַ מוטער? אַ געליבטע?

לינקס!

לינקס!

צוויי־דריי־פיר — לינקס!

מוזיק אין קרעמאַטאָריע.

ווער פון דיין פאַמיליע, קאָן עס זיין, איז איצט געבראַכט געוואָרן צו דער קרעמאַטאָריע? דו שטרענגסט אָן דיין זכרון, דו ווילסט זיך דערמאָנען: ווער פון דיין נאָענטער אָדער ווייטער פאַמיליע איז נאָך פאַרבליבן אין דרויסן, בשעת מען האָט דיך אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ?

— — טצאַק... טצאַק... טצצצאַטצאַק...

אָרקעסטער־פּלאַץ — —

אָוונט־אַפּעל. באַלד וועט דער טויער זיך עפענען. דער ראַפּאָרט־פירער וועט אָנקומען. ס.ס.־מענער וועלן ציילן. אָרדענונג.

שטיל. אַ טאָג גייט אַרויס פון לאַגער. דיין טאָג. דו קוקסט אים נאָך — —

עפּעס בענקט זיך בשעתן אָוונט־אַפּעל —

וואָס בענקט דיין האַרץ בשעתן אָוונט־אַפּעל אין אוישוויץ?

צוועלפטער עטאפּ :

# ברית צווישן צוויי קרישקעלעך

איך האָב היינט איבערגעלאָזן פאַר דיר אַ קרישקעלע פון מיין פּאָרציע ברויט. זע, געליבטע, עס ליגט אויף דער דלאָניע פון מיין האַנט ווי אין אַ קרישטאָלענעם שיסעלע —

נאַכט איבער אוישוויץ.

דער שלאָף וויגט די שבֿנים פון מיין נאַרע ווי אויף טונקעלע טיכער. אינדרויסן צינדן זיך שטערן איבער די דעכער פון די בלאָקן. צינדן זיך און לעשן זיך. היינט מער ווי אַלעמאָל האָט מיין האַרץ צו דיר געבענקט. דעם טייערסטן קרבן פון אוישוויץ האָב איך צו דיר געוואָלט ברענגען. און איך האָב געזאָגט : אָט דאָס ברויזעלע ברויט איז הייליק פאַר מיין געליבטער ! זע, עס ליגט אויף דער דלאָניע פון מיין רעכטער האַנט.

ווו ביסטו איצט, געליבטע ?

אפשר, אַזוי ווי איך, זיצסטו איצט ערגעץ אין אַ דייטשן פרויען־לאַגער אויף די ברעטער פון אַ נאַרע, און אַזוי ווי איך קוקסטו צום ברויט־ברעקעלע אויף דער דלאָניע פון דיין

ק.
צעטניק

האַנט; ווייל היינט, מער פון אַלעמאָל, האָט דיין האַרץ צו מיר געבענקט און דו האָסט געזאָגט: אָט דאָס ברויט־קריש־קעלע זאָל זיין היילים פאַר מיין געליבטן?!

זע, געליבטע! די טרער אויף דער דלאָניע פון מיין צווייטער האַנט איז גרויס ווי דאָס ברויט־ברעקעלע.

קום, לאָמיר אַרויסגיין פון בלאָק. מיר וועלן זיך אַוועקשטעלן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. מיר וועלן שטיין אונטער דעם זעלבן אוישוויצער הימל. איך דאָ, דו דאָרט. אונדזער ליבע וועט אַדורכשפּאַנען צווישן די צוויי ברויט־קרישקעלעך און זי וועט זיי איבערטוישן אויף די דלאָניעס פון אונדזערע הענט. דו וועסט עסן מיינס, און איך וועל עסן דיינס.

זע, עס פינקלען נישט קיין שטערן איבער דעכער פון בלאָקן. דאָס לעשן זיך פאַרבלאָנדזשעטע פונקען פון קרעמאַטאָריע־קוימען.

בלויז דיין פּנים וועט אייביק לויכטן אינעם גלאַנץ פון מיין טרער.

דרייצנטער עטאפ :

# אין ריי צו דער קרעמאטאריע

שורות.

נאַקעטע שורות.

געלע נאַקעטע סקעלעטן שטייען אויסגעשטעלט פּינקטלעך, גלייך, גרויס צו גרויס, קליין צו קליין —

„שטילשטאַנה !".

צו מאָרגנס נאָך דער גרויסער סעלעקציע. באַלד וועט מען אויסרופן די נומערן וואָס דאַרפן אַוועקמאַרשירן צו דער קרעמאַטאָריע.

אַלע שטייען אויסגעשטעלט אויף די אַפּעל־פּלעצער. יעדער בלאָק אויף זיין צוגעטיילטן אַפּעלפּלאַץ. נאַקעטע שורות. הונדערט אין דער ברייט. „זעמטלעכע יודען אַנטרעטן !"... קיינער ווייסט נאָך נישט ווער עס איז נעכטן בשעת דער סעלעקציע געוואָרן אויפגעשריבן. באַלד וועט מען דאָס וויסן, באַלד וועט מען אַרויסלייענען די נומערן.

דאָס פּעקל אוישוויצער קליידונג ליגט אויף דער ערד לעבן די פיס, צונויפגעלייגט מיט אַ סדר : צו ערשט די מאַרינאַרקע,

דערויף די הויזן, פירקאַנטיק צוזאַמענגעלייגט. שורות נאַקעטע לייבער אויבן, שורות קופּקעלעך קליידונג אונטן. פּינקטלעך. דייטשיש פּינקטלעך.

דער לעצטער אַפּעל. דער לעצטער אָפּשייד. אַלץ איז פון דיר שוין געוואָרן צוגענומען. געבליבן בלויז דאָס וואָס ליגט נאָך פאַרשטעקט ערגעץ אינעם סקעלעט דיינעם; דאָס וואָס דו רופסט עס: לעבן. דאָס וואָס דו ציטערסט אַזוי דעריבער. די קרעמאַטאָריע גייט עס איצט צונעמען. די גופא וועסט דאָס באַלד דאָרט אַהין צו איר אַוועקפירן.

ס'איז העל. ס'איז ליכטיק. פּלוצלונג זעט מען אַ הימל. אַ לויטערער הימל. ביז איצט האָט מען נישט געוווּסט, אַז אין אוישוויץ איז פאַראַן אַ הימל. ערשט איצט, בשעתן לעצטן אַפּעל, ממש אין דער לעצטער מינוט, אַנטפּלעקט ער זיך פאַר די אויגן.

אַ שטיק זון ליגט אויף דער וואַנט פון קעגנאיבערדיקן בלאָק. דער אַפּעלפּלאַץ ווערט דיר פּלוצלונג ליב ווי אַ וואַרעמע היים. ער — דער שוידערלעכער אַפּעלפּלאַץ, אויף וועלכן דו האָסט אַזוי פיל געליטן, דו דערקאָנסט אים נישט מער. פּלוצלונג ווערט ער דיר טייער, אַלץ ווערט דיר דאָ טייער. דאָ איז איצט דיין היים. דיין וועלט. דאָ לעבט מען! די שורות נאַקעטע סקעלעטן ציטערן. קיינער וויל זיך נישט שיידן פון אַפּעלפּלאַץ.

דער הויפּט־שאָסיי איז ליידיק. אַלע אויגן צו אים געשפּיזלט. קיינער ווייסט נישט וואָס אַזעלכעס עס קומט פאָר אין קרע־מאַטאָריע, נאָר יעדערער קוקט צום ליידיקן הויפּטשאָסיי, וואָס ציט זיך אַדורך לענגאויס די אַפּעלפּלעצער און זעט דאָרט

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

דעם אַנטפּלעקטן סוד פון קרעמאַטאָריע: די אויפגעשריבענע נומערן וועלן באַלד אַרויסטרעטן פון די אַפּעלפּלעצער און זיך דאָרט אַוועקשטעלן.

דער הויפּטשאָסיי איז איצט די קרעמאַטאָריע.

די זעלביקע ליכט. דער זעלביקער הימל. דאָ — דער אַפּעל־פּלאַץ, דאָרט — דער הויפּשאָסיי. קנאַפּע צוויי צענדליק מעטער טיילן זיי פונאַנדער. די זעלביקע ליכט און געלע זאַמד. באַלד וועט מען אויסשרייען פון אַ ליסטע די אויפגעשריבענע נומערן. אויגן קוקן צו דער לאַנגער פאָדערשטער שורה: הונדערט רוקנס, נאַקעטע סקעלעטן אויסגעשטעלט איינער לעבן צווייטן; אַ לאַנגער געלער פּאַס שטאָף אויסגעדריוולט און אויסגעטראָלדט מיט גלייך אַראָפּגעקעמטע פעדעם. יעדער פּוס — אַ פאָדעם.

יעדער טראַכט: איך בין נישט קיין מוזלמאַן. איך בין געזונט און שטאַרק. איך בין נישט צווישן די אויפגעשריבענע. מ׳זאָגט אַז בשעת דער סעלעקציע קוקט דער לאַגעראַרצט קודם־כּל אויפן געזעפּ. דער עיקר — דער געזעס. קוקנדיק אויף דער אויסגעשטעלטער פאָדער־שורה, טראַכט יעדער ביי זיך: איך האָב נאָך דאָרט פלייש. ער ווייסט אויף זיכער אַז ער האָט נאָך פלייש. ער ווייסט אויף זיכער, אַז אַזוי קוקט בשום־אופן נישט אויס זיין הינטן. נאָך עפּעס: אויב אַנדערע קוקן אָט־אַזוי אויס האָט אים דער לאַגעראַרצט נעכטן זיכער נישט אויפגעשריבן. פאַרקערט, ס׳איז גוט צו שטיין בשעת אַ סעלעקציע צווישן אָט אַזעלכע. דיינע שאַנסן זענען זיכערער.

יעדער קוקט אויף די אויסגעשטעלטע לעבער־געזעסן וועלכע ציען זיך לענגאויס פאַר די אויגן און איז בשעת מעשה צופרידן. יעדער זוכט מיט די אויגן וואָס טיפערע לעבער; וואָס מער פאָדעם־דינע פיס. אין האַרצן פּיקט אַ האָפענונג.

ס׳איז שטיל. שורות אויסגעשטעלטע סקעלעטן שטייען און שווייגן. ס׳איז טאָג. פלוצלינג דערפילט מען אַ טאָג. ס׳איז פאַראַן אַ נאַכט און ס׳איז פאַראַן אַ טאָג. נאָך אַ נאַכט קומט אַ טאָג. נאָר דאָס פילט מען קיינמאָל נישט. אָבער אַז נאָכן טאָג וועט מער נישט קומען קיין נאַכט, דערפילט מען פלוצ־לינג — אַ טאָג. מער פון אַלעמען טוליען זיך מוזלמאַנישע ביינער צו אַזאַ וואַרעמער ליכטיקער מאַגיקייט.

שטיל. אַ סאַך ליכט ליגט דאָ אויפן אַפּעלפּלאַץ. אומעטום איז פול מיט הימל. די שורות שטייען אָפּגערוקט אַכציק סענטימעטער איינע פון דער אַנדערער, און דער הימל ליגט אויף די געלע רוקנס פון דער פאָדערשטער שורה סקעלעטן. אַלץ איז באַלויכטן. אויפן ליידיקן הויפּטשאָסיי זעט מען קלאָר — דעם טויט.

בלאָק־עלטעסטע לויפן אַהער און אַהין. די אַלמעכטיקע געטער פון לאַגער זענען איצט זייער באַשעפטיקט. זיי זענען פאַר־האַוועט און פאַרפאָרעט. ס׳לייגט זיך שווער אויפן שכל, אַז דאָס אַלץ איז לכבוד די נאַקעטע געלע ביינער וואָס שטייען דאָ אויסגעסדרט.

אַ לויטערער הימל איז אויסגעשפּרייט איבער די גאָלע שיידל־קעפּ. די ליכט פון טאָג שטייט אין דער לופט ווי אַ גאָלדענער טייך. די שטילקייט גיסט זיך אַריין אין די אויערן און פאַרשטאָפּט זיי. גאַנץ אוישוויץ שווייגט.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

ווייט, ווייט, איבער די דעכער פון די בלאָקן ציט זיך אַ גראָד־ליניקער פּאַס רויך צום הימל — בלאָ און יום־טובדיק. אַ ליכטיקער הימל. לויטער. שטיל. מיט אַ בלאָען וואָלקן קרעמאַטאָריע־רויך.

דער טויט גלעט דיר דאָס פּנים מיט זוניקע ליכט, מיט אויסגעשפּרייטן הימל, מיט שווייגעניש:

— ס׳וועט דיר נישט ווי טאָן.

— באמת נישט?

— זעסט דאָך ווי שטיל עס ציט זיך דער רויך צום הימל.

דער לאַגער־עלטעסטער לודוויק! שטענדיק טראָגט זיך פון אים דער אויפשווידערנדיקער געשריי. לודוויקן זעט מען נישט. לודוויקן הערט מען. נישטאָ קיין העפטלינג וועלכער זאָל נישט לויפן זיך פאַרשטעקן בשעת איבערן לאַגער טראָגט זיך לודוויקס געשריי. איצט קאָן קיינער נישט אַנטלויפן. זיין געשריי גייט פון איין עק לאַגער צו דעם צווייטן. מען ווייסט נישט ווו, ביי וועלכן בלאָק ער געפינט זיך. פון הינטן אָדער פון פאָרנט.

באַלד וועט עס זיך אָנהויבן. אוים מחשבות. צוריק אויסשוויץ. צוריק סעלעקציע. צוריק קרעמאַטאָריע. לודוויק! באַלד וועלן זיי אַהערקומען, אַרויסלייענען די אויפגעשריבענע. דער הימל ציטערט אויף די ביינער־אַקסלען פון די געלע שורות. אַלץ ציטערט. ציינער קלאַפּן. ס׳איז קאַלט. דו ווייסט נישט צי דיין לייב שטויסט זיך אַזוי אין די נאַקעטע ביינער פון דיינע שכנים, אָדער צי זיי ציטערן דאָס אַזוי און שטויסן זיך אָן אין דיר.

באַלד וועט עס זיך אָנהייבן.

שכנים פון איין פּריטשע, באַקאַנטע פון איין טראַנספּאָרט, שטייען איינער לעבן דעם צווייטן. אויגן דרייען זיך אום צו אויגן. אַ פּאָר אויגן פרעגן:

— ווי קוק איך אויס?...

די צווייטע פּאָר אויגן גיבן אַ לויף איבער דעם נאַקעטן סקעלעט פון פרעגער. זיי געדענקען אים נאָך פון דער היים:

— גוט. דו זעסט אויס גוט. דער ענטפער רייסט זיך פון מויל אַרויס שנעל ווי נישט דאָס וואָלט געווען דער עיקר. דער עיקר איז:

— און ווי קוק א י ך אויס?

דעם ערשטנס אויגן באַרויִקן זיך פון באַקומענעם ענטפער, אַ שטייגער ווי ער וואָלט באַקומען די תשובה פון לאַגער־אַרצט גופא. דער ענטפער האָט איצט צוגעטראָפן זיינע באַהאַלטענע געפילן. ס'ווערט אים שרעקלעך גוט. ער ציטערט אַזש אויף פון גוטסקייט. יאָ, ער דערמאָנט זיך: דעם צווייטנס אויגן וואַרטן דאָך אויף תשובה. ער דאַרף ענטפערן אויף דער געשטעלטער פראַגע. קוקט ער אויף דעם לייב פון צווייטן: אַ ביינערדיקער, אויסגעטרוקנטער סקעלעט — —

— גוט, דו זעסט אויס גוט... — און דערביי טראַכט ער: אָן ספק אַן אויפגעשריבענער! ס'איז דאָך גאָר נישט קיין צורה פון אַ מענטש! ער געדענקט נאָך ווי יענער האָט אויסגעזען אין דער היים. ער געדענקט אים נאָך פון די ערשטע טעג אין לאַגער. מיט זיך גופא איז ער כמעט זיכער. ס'האַרץ גיט אים

האָפֿענונג. ער באַמערקט נישט, אַז ער זאָל זיך האָבן אַ סך געענדערט. ער קען דען נישט זיין אייגן לייב? ער קוקט דאָך דערויף יעדן טאָג. ניין! ער זעט נישט קיין שום שינוי. ער דערמאָנט זיך נישט, אַז ער זאָל אַמאָל האָבן אַנדערש אויס־געזען. יעדן טאָג טאַפּט ער זיך. אמת, ער זעט נישט זיין אייגן פּנים. ער זעט אָבער די פּנימער פֿון אַנדערע און געדענקט גוט ווי זיי האָבן אויסגעזען אַמאָל. ער באַשליסט דעריבער ביי זיך פּעסט, אַז ער איז געזונט. ער פֿילט אַז ער איז געזונט. סאַראַ פאַרגלייך איז דאָס? דער צווייטער איז דאָך ממש אַ סקעלעט! נישט מער קיין מענטשלעכע צורה! נאָר איצט, אין אַזאַ מינוט, צו וואָס זאָל ער אים דאָס זאָגן?

און עס פֿאַלט אים גאָרנישט איין, אַז פּונקט אַזוי טראַכט איצט דער צווייטער וועגן אים.

אויף אַלע שפּראַכן פֿון אייראָפּע, אויף איטאַליעניש און אויף יידיש, אויף פּויליש און אויף האָלענדיש — פֿרעגן איצט אויגן איין און די זעלביקע פֿראַגע: ווי קוק איך אויס? פֿאַרשידענע קולטורן, פֿאַרשידענע קלימאַטן, פֿאַרשידענע שפּראַכקלאַנגען — אָבער אַלע מיט דעם זעלביקן מיין אין דער פֿראַגע: „ווי קוק איך אויס"?...

רויך פֿון פֿאַרברענטע ביינער האָט אויף אַלע שפּראַכן די זעלביקע קאָליר.

*

— דאָס איז מער נישט געווען הויפּטשאָסיי, דאָס איז געווען קרעמאַטאָריע. אַלע האָבן עס געשפּירט, סיי די וועלכע זענען

נאָך געשטאַנען אויפן אַפּעלפּלאַץ און סיי די וועלכע זענען איבער אַהערצו.

דאָס איז מער נישט געווען טויט — דאָס איז געווען אוישוויצער טויט. פאַראַן אוישוויצער לעבן און פאַראַן אוישוויצער טויט. דאָס איז געווען דער טויט פון אוישוויצער לעבן. צום געוויינלעכן טויט זענען אַלע דאָ צוגעוווינט. קופּעסווייז, קופּעסווייז ליגן זיי הינטער די בלאָקטויערן. אַ טויטער ליגט, אַ געהאָנגענער הענגט. אָבער טויטע זאָלן שטיין און קוקן צו דיר מיט אָפענע לעבעדיקע אויגן?...

דאָס איז עס.

אָט איז ער, דער פּחד, פאַר וועמען דער אוישוויצער פּחד האָט געציטערט. מען זעט אים איצט מיט די אויגן. ער שטייט אויפן הויפּטשאָסיי און וואַרט מען זאָל דיך צו אים אַריבערפירן.

קנאַפּע צוויי צענדליק מעטער ערד טיילן בלויז אָפּ דעם אַפּעלפּלאַץ פון הויפּטשאָסיי. שטובן־דינסטן אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט. אַנדערע כאַפּן דערווייל אַרויס פון די שורות די אַרויסגערופענע נומערן. דער הויפּטשאָסיי גייט דיר אַנטקעגן: קרעמאַטאָריע! שטובן־דינסט שלאָגן מיט שטעקנס איבער שיידלקעפּ. דער מוזלמאַן לויפט צווישן זיי אַדורך מיטן פּעקל קליידונג אין זיינע אויפגעהויבענע הענט, ווי איינער וואָס גייט אַריבער אַ טייך, ער לויפט גייענדיק און גייט לויפנדיק. דאָס פּעקל שטערט אים צו שיצן מיט די הענט דעם קאָפּ. אָבער מוותּר זיין אויפן פאַרמעג בשעתן לויפן אויפן קרעמאַטאָריע־וועג — חלילה, דאָס פאַלט אים גאָרנישט איין.

אָנקומענדיק צום הויפּטשאָסיי שרייט פון מוזלמאַנס אויגן

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

אַרויס אַ צופרידענע שרעק, אַ שלווהדיקער פּחד: ער איז בשלום אַריבער דעם וועג! ער קוקט מיט גרויסע שוואַרצ־אַפּלען. פון אָפּן־שטייענדיקן מויל רינט אַ לאַנגער גאַווער, פון דער נאָז — אַ לייכעך. ער וויינט ניִשט, נאָר פּישטשעט מיט גאַנצן כוח און טענהט פאַר עמעצן, אַ נישט זעעוודיקן; ער דערציילט אים עפּעס־וואָס אָן אויפהער. דאָס קול קומט ביי אים נישט אַרויס פון אָפּן־שטייענדיקן מויל נאָר פון די ריפּן קומט עס אַרויס. דאָס קול קלאַפּט דאָרט ווי אַ פאַר־משפּטער מיטן קאָפּ אין די קראַטן פון זיין צעלע. ער פּיש־טשעט אין דער לופט אַריין מיט אַ קול וואָס איז תחילת ברייט, פלאַך, געקאַרבט ווי דער קאָפּ פון אַ טשוואָק, דערנאָך לאַנג, רונדיק, דין־פאַרשפּיצט. ער הערט נישט אויף צו דרייען מיטן קאָפּ ווי צו אַ פאַרהוילענעם טאַקט און פּישטשעט מיטן גאַנצן כוח.

טאָג און נאַכט, ליגנדיק אויף דער פּריטשע, האָט ער געאַנט וועגן דעם איצטיקן שטיין דאָ. ער האָט דאָס געזען מיט צוגעמאַכטע אויגן. דאָס האָט געשטראָמט אין זיינע אָדער־קאַנאַלן אָנשטאָט בלוט. דער ווי דערפון איז געלעגן אינעווייניק אין אים און דער פּחד פאַר דעם איז געשטאַנען פון דרויסן פאַר די אויגן. ער האָט עס געזען, אָבער פון דעסטוועגן האָט ער געהאָפט, אַז ער זעט עס נאָר. אים וועט עס אפשר אויסמיידן. איצט, שטייענדיק אויפן הויפּטשאָסיי, זעט ער פּלוצלינג עפּעס אַזעלכעס וואָס פריער האָט ער וועגן דעם נישט געאַנט: דער פּחד איז אַריין אינעווייניק אין זיין געביין און דער ווי הענגט פון דרויסן פאַר די אויגן. ס׳טוט אים נישט ווי אינעווייניק, נאָר פון דרויסן. דער אויסגעשפּרייטער

הימל איבער די אויגן — טוט אים ווײ. דער טאָג טוט אים שרעקלעך ווײ. דער אַפּעלפּלאַץ צווישן די צוויי בלאָקן, דאָרט ווו עס שטייען די איבערגעבליבענע — טוט אים מוראדיק ווײ. דער האָריזאָנט וואָס איבער די שטעכלדראָטן ציט פון אים אַרויס לאַנגע פּלאַכטעס ליכט. די פּלאַכטעס ציען זיך, ציען זיך אָן אַ סוף. ער ווייסט נישט צי עס ענדיקט זיך איצט אַלץ אָדער עס הייבט זיך איצט ערשט אָן; צי שטאַרבט ער איצט אָדער ער ווערט איצט געבוירן. באַלד וועט מען אים אַוועקפירן צו אַ שווידערלעכער אומבאַוווּסטקייט. ער טרינקט זיך אין אָט דער אומבאַוווּסטקייט ווי אין אַ ים. ניין, ס'איז נישט קיין ים, ס'איז — פּחד! ער ווערט איצט דערטרונקען אין אַ פּחד. דאָס מויל איז פול. ער קאָן נישט שרייען. נאָר אינעווייניק שרייט עמעצער פון ערגעץ אַרויס, פון אָנהייב ברייט, פלאַך, געקאַרבט, און לסוף רונדיק, דין, שפּיציק.

דער פּחד שרייט אויפן אוישוויצער הויפּטשאָסיי און דער עכאָ ענטפערט אים אָפּ פון נאַקעטע מוזלמאַנישע ריפּן אַרויס.

אויף די אַפּעלפּלעצער שטייען די איבערגעבליבענע. יענע וועלכע מען האָט נאָך דאָס מאָל נישט אויפגעשריבן זייערע נומערן. זיי קוקן צום הויפּטשאָסיי, צו די מיט וועלכע זיי זענען אָקאָרשט געשטאַנען צוזאַמען, אַקסל ביי אַקסל; צוזאַמען געלעגן אויף דער פּריטשע, צוזאַמען געחלומט וועגן דער היים אין זוניקן איטאַליע אָדער אין רווישיקן פּאַריז; געחלומט וועגן גאַסן, טראַמווייען, פאָרהאַנגען איבער פענצטער, און וועגן אַ קינד וואָס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע טריט, לויפט, לויפט, און פאַלט אַריין גלייך אין דיינע

געעפֿנטע אָרעמס. ערשט האָסטו מיט זיי גערעדט און אָט שטייען זיי שוין דאָרט אויפֿן הויפּטשאָסיי. זיי שטייען און קוקן אַהער מיט אַזעלכע גרויסע שטומע אויגן. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען פֿון דיר און זיך אפֿילו נישט געזעגנט. קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגערעדט. זיי ווייסן דאָך וווּהין מען פֿירט זיי! וואָלטן זיי כאָטש נישט געקוקט מיט אַזעלכע אויגן! פֿאַרוואָס שרייען זיי נישט? פֿאַרוואָס וויינען זיי נישט? פֿאַרוואָס איז דאָ אַזוי שטיל?

אויגן קוקן צו אויגן. פֿון הויפּשאָסיי צום אַפּעלפּלאַץ און פֿון אַפּעלפּלאַץ צום הויפּטשאָסיי. מען קאָן נישט נישט קוקן. דאָ, אויפֿן אַפּעלפּלאַץ, כאַפּט דיך פּלוצים אַרום אַ שוידער: ווי אַזוי קאָן אַ לעבעדיקער, אַ באַקאַנטער, וועלכער שטייט דאָרט אויפֿן הויפּטשאָסיי, קוקן צו דיר מיט אָפֿענע אויגן און איז פֿאַרט אַ טויטער? ווי אַזוי האָבן זייערע אַקסלען ערשט אַ מינוט פֿריער אָנגערירט איינער דעם צווייטן? דאָס איז דאָך נישט קיין טויטער קערפּער. מיט אַ טויטן קערפּער קאָן מען אַפֿילו צודעקן זיך אויף דער פּריטשע, עס זאָל נישט זיין אַזוי קאַלט. אָבער אַ טויטער זאָל שטיין און קוקן אויף דיר מיט אַזעלכע צוויי אָפֿענע אויגן! רבונו של עולם, פֿאַרוואָס איז דאָ אַזוי שטיל?...

— גאָנג! גאָנג!!!

— בלאָקשפּערע! בלאָקשפּערע!!!

די געשרייען פֿון די בלאָק־עלטעסטע מישן זיך אוים מיט די מוראדיקע קלעפּ אינעם גאָנג. די איבערגעבליבענע אויפֿן אַפּעלפּלאַץ לויפֿן צוריק אַריין אין די ווידער געעפֿנטע בלאָקן. זיי כאַפּן זיך שנעל אַרויף אויף די ליידיקע פּריטשעס, פֿאַר־

שטעקן זיך, קאָרטשען זיך איין. זיי זענען צוריק אין דער ליבער היים. דאָס האָלץ פון דער נאַרע איז איצט ווייך ווי אַ מאַמעס שוים. די לופט פון די ליידיקע פלעצער פון די אַוועקגעגאַנגענע שכנים הילט דיך אַרום ווי אַ וואַרעמע דעק.

אין דרויסן, אויפן הויפטשאָסיי, שטייען נאָך יענע און וואַרטן אין ריי צום מאַרש אין דער קרעמאַטאָריע.

פערצנטער עטאפ:

# דער לעצטער וויכוח

איזאָלאַציע־בלאָק.

מען האָט נישט אַרויסגעזען דאָס האַלץ פון די נאַרעס. דאָ איז מער נישט געווען צו דערקענען קיין צורה פון אַ בלאָק. אַלץ איז דאָ געווען פאַרגאָסן מיט נאַקעטע ביינער. די סקעלעטן האָבן אַלץ צוגעדעקט. זיי האָבן געהאָנגען קופּעס־ווייז אויף די זייטן־ברעטער פון די דרייפּאַכיקע נאַרעס ביז אַרויף צום סופיט. אויבן זענען זיי געקראָכן ווייטער און ווייטער, און צוגעדעקט די בעלקעס־נעץ אונטערן סופיט.

איזאָלאַציע־בלאָק. —

ביי דער קרעמאַטאָריע איז איצט אַ פאַרשטאָפּונג. די אויטאָמאָבילן פירן ניי־אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן פון דער באַן צו דער קרעמאַטאָריע. זיי פאָרן הין־און־צוריק, הין־און־צוריק. ביז די אויטאָמאָבילן וועלן זיך באַפרייען זענען די העפטלינגס דערווייל געוואָרן אַריינגעשטופּט אין די דריי איזאָלאַציע־בלאָקן. מען ווייסט זיי קומען נעמען ווען ביי די קרעמאַטאָריע־אויוונס וועט ווערן אַ ביסל פרייער. אפשר היינט, אפשר מאָרגן. דערווייל זענען זיי דאָ אָפּגעשלאָסן.

ק.
צעטניק

איזאָלאַציע־בלאָק.

דאָ איז מער נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן. דאָ ביסטו שוין באַפרייט פון די געזעצן וואָס הערשן אין די נאָרמאַלע אוישוויצער בלאָקן. דאָ גיט קיינער מער נישט אויף דיר אַכטונג. דאָ איז מער נישט פאַראַן נישט קיין „שטובן־דינסט" און נישט קיין בלאָק־עלטעסטער; נישט קיין קאַפּאָ און נישט קיין לאַגער־עלטעסטער —

איזאָלאַציע־בלאָק.

אַלע האָבן דאָ געשריגן. ווי זיי וואָלטן געוואָלט אין דער לעצטער מינוט פון זיך לאָזן אַרויסהערן דעם לעצטן רעשט פון זייער קול. אויף דער ערד האָט געפּליצט אַ געלע איבער־שווענקונג פון ביינער ביז איבער דעם ציגל־אויוון. מען האָט גאָרנישט מער אַרויסגעזען. אַלץ פאַרגאָסן מיט אַ געלקייט פון נאַקעטע ביינער, סיי אויף די ווענט, סיי פון אויבן, סיי פון אונטן — אַ פּלייצנדיקער מבול פון ביינער.

יעדער האָט זיך געדראַפּעט אַרויף צו די נאַרעס. קיינער האָט נישט געוואָלט דערדריקט ווערן אונטן אויף דער ערד. יעדער האָט געזוכט אַ שטיקל באַקוועם אָרט: אפשר וועט מען דאַרפן דאָ איבערנעכטיקן. יעדער האָט געוואָלט זיין שטאַרקער פון צווייטן און קריכן איבער דעם צווייטן. אַלע זענען געקראָכן איבער אַלע. נאַקעטע ביינער פון הענט האָבן זיך געדראַפּעט צו דער הויך איבער נאַקעטע ביינער פון הענט; איבער נאַקעטע ביינער פון פיס; איבער נאַקעטע שיידלקעפּ.

הענט געצויגענע צו דער הויך. אַרויף. אַרויף.

יענע, וואָס זענען געלעגן אויבן, האָבן אַרויסגעשטופּט שטיקער

קעפּ דורך די פלאַכע פענצטער־לעכער און אַרויסגעשריגן מיט קולי־קולות: מען זאָל זיי אַריינגעבן זייערע פּאָרציעס ברויט פון היינטיקן טאָג! ווייל אויב מען פירט זיי היינט נאָכנישט צום פאַרברענען — קומט זיי דאָך די היינטיקע פּאָרציע ברויט!

אַנדערע וואָס זענען געלעגן לעבן די ווענט, האָבן געזעצט מיט די פויסטן אין די האָלץ־ווענט, אַרויסשרייענדיק דורך די שפּאַרונעס: די פּאָרציע! די פּאָרציע!!

זיי האָבן געשריגן און מודיע געווען אַז זיי וועלן נישט שווייגן. זיי ווייסן אַז די בלאָק־עלטסטע וועלן ווי שטענדיק דערנאָך פאַר זיך צונעמען אָט די ברויטן זייערע פון היינטיקן טאָג, און ווי שטענדיק איינטוישן אויף ציגאַרעטן. זיי האָבן דערפון שטענדיק געוווּסט, אָבער ביז היינט האָבן זיי געשוויגן. נאָר איצט האָבן זיי מער נישט קיין מורא. מען פירט זיי סיי ווי אין קרעמאַטאָריע. איצט וועלן זיי זיך נישט לאָזן. זיי וועלן שרייען. זיי וועלן מאַכן געוואַלדן. גיך זאָל מען זיי אַריינגעבן די פּאָרציעס! זיי פאַרלאַנגען דאָס וואָס עס קומט זיי.

— די ראַציע!... די ראַציע!...

אַ צוגעדריקטער מיטן רוקן צו דער וואַנט שטייט פערבער, און דער חלום פון זיינע צוויי־און־צוואַנציק יאָר צאַפּלט־אויף, פלעמלדיק, אַקעגן זיינע אויגן. פון ביז ווו־ווייט עס דער־גרייכט זיין זכרון האָט ער שטענדיק געהאַט דאָס געפיל אַז די בענקשאַפט צו קומען קיין ארץ־ישראל איז אַרויס אַ צוזאַמענגעבונדענע מיט אים פון זיין מוטערס טראַכט. אַ גאַנץ

לעבן האָט ער זיך געגרייט דעם חלום מקיים צו זיין. דעם זאַפט פון זיינע בעסטע יאָרן האָט ער אַוועקגעגעבן דער דאָזיקער אידעע. אויך זיין שרייבערישן טאַלענט, די מתנה פון גאָט, האָט ער איר אַוועקגעשענקט. אין געטאָ, ווען אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין פאַרלוירן, האָט ער אָנגעהויבן צוגרייטן אַ ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן. ער האָט געמאָנט און געוועקט. ער האָט אויפגעוויזן אַז צו פאַרלירן איז מער נישטאָ, אָבער ס'איז נאָך פאַראַן צו געווינען דעם כבוד פון מענטשלעכן צלם. נאָר דער שילעווער רב האָט קעגן אים געטענהט: ווידערשטאַנד אין געטאָ איז — זעלבסטמאָרד. און על־פי דין תורת־משה טאָר נישט אַ ייד מיט אייגענע הענט ברענגען אויף זיך דעם טויט.

איצט ליגט דער נאַקעטער שיידלקאָפּ פון שילעווער רב אַ צוגעדריקטער צו פערבערס סקעלעטישן ברוסט־קאַסטן. מען האָט זיי זאַלבענאַנד געשיקט קיין אוישוויץ. צווי באַזונדערע קעגנגעזעצטע וועלטן. נאָר אין אוישוויץ זענען זיי אַריין אין איין בלאָק; אויף איין נאַרע געלעגן; צו איין סעלעקציע געשטאַנען; און איצט גייען זיי צוזאַמען אין קרע־מאַטאָריע.

אַ געדראַנג און אַ רעש. ווי נאָר דיין אויג פאַלט — נאַקעטע סקעלעטן. יעדער סקעלעט זוכט פאַר זיך אַן אָרט ווו זיך צו קאָנען אָנלענען. קיינער וויל נישט אויף זיך טראָגן די מאַסע פון צווייטנס ביינער. אַלע ווילן אַרויף. נאָר אויבן זענען אַלע נאַרעס איבערפולט, געשטאָפּט. הענט מיט אויסגעשפּרייטע ביינער־פינגער ציען זיך צום אַרויף, צום אַרויף.

— זייט זיך מודה, שילעווער רב, אַז גאָט פון די גלותדיקע

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

הימלען ליגט דאָ איצט צווישן דעם ביינער־הויפן, אַ מוזלמאַן!

די הויט פון שילעווער רב׳ס פּנים איז באַדעקט מיט אַ מאָדנעם קאָלירטן צרעת. די הויט שיילט זיך ווי דינע שופּן־קאָרע פון אַן אויסגעטרוקנטן בוים. און דאָס שיילעכץ איז פּיל־פּאַרביק, גרין־שימלדיק און ראָזאַ־געל. מאָדנע, אַפילו איצט, קוקנדיק אויפן פּנים פון שילעווער רב, זעט פערבער אים נאָך אַלץ ווי ער האָט אויסגעזען אַמאָל מיט דער געדיכטער גאָלד־ברוינ־לעכער באָרד און אויסגעגלאַנצטע פלאַשן־פּאות אַראָפּפאַלנדיקע פוןביידע זייטן. ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן אַז אָט דאָס יינגליש צרעתדיקע סקעלעטן־פּנים איז דאָס פּנים פון שילעווער רב. אים דאַכט תמיד, אַז דער שילעווער רב רעדט צו אים אַרויס פון הינטער אַזאַ מאָדנע מאַסקע. — וואָס האָסטו געזאָגט, פערבער? — פרעגט אים דער שילעווער רב.

— איך זאָג אַז עס וועט שוין קיינער קיינמאָל נישט אַריינבלאָזן אַ לעבן אין די דאָזיקע ביינער. מיר האָבן געזינדיקט, שילעווער רב! זייט זיך איצט מודה ומתודה: מיר האָבן געזינדיקט!

די אויגן פון שילעווער רב הייבן זיך אויף צו פערבערן:

— צי זעסטו נישט, פערבער, אַז גאָטס גייסט שוועבט איצט דאָ איבער אָט דעם חורבן און באַשאַף? צי פילסטו נישט, ווי מיט אונדזערע ביינער ראַנגלט זיך איצט יעקב מיטן מלאך? מיר זענען דער גיד־הנשה אינעם דאָזיקן געראַנגל! זיי שטאַרק, מיין קינד, אין דער איצטיקער מינוט זיי שטאַרק...

הענט האָבן זיך געצויגן צו דער הויך. אַרויף. אַרויף. נאַקעטע

סקעלעטן איבער נאַקעטע סקעלעטן. אַ ווילדער געראַנגל פון ביינער אויף ביינער. יעדער סקעלעט האָט איצט געקעמפט פאַר אַ שטיקל פּלאַץ ווו זיך אַוועקצולייגן. רו, אַ ביסעלע רו.

פּערבער האָט דערזען דעם סוף. אַ מורא איז אים באַפאַלן. אַלע גייען צו דער קרעמאַטאָריע. ער — צווישן אַלע. ער — אַזוי ווי אַלע. ערשט איצט האָט ער דערפילט דעם סוף. ביז איצט האָט ער דעם סוף בלויז געזען אויסער זיך — אין דעם אומאויפהערלעכן מענטשן־שטראָם, וואָס ציט טאָג און נאַכט פון דער אוישוויצער באַן־ראַמפּע ביז צו דער קרעמאַטאָריע. איצט, דאָס ערשטע מאָל, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ווייטיק־לעכער רחמנות אויף זיין נישט־געלעבט לעבן. זיינע צוויי און צוואַנציק יאָר האָבן זיך איצט געטוליעט צו אים ווי פּיצלעך קינדער צו זייערער אַ מאַמע בשעת אַ קינדער־אַקציע אין געטאָ, און זיי האָבן ביי אים געבעטן ער זאָל זיי שיצן. זיי האָבן מורא פאַר דער קרעמאַטאָריע.

— שילייווער רב!... שילייווער רב!...

ער האָט געוויינט.

די געשרייען האָבן זיך געהויבן וואָס אַמאָל שטאַרקער: „די ראַציע!...” „די ראַציע!...” די מוזלמענער האָבן נישט אויפ־געהערט צו קלאַפּן מיט די הענט אינעם האָלץ פון די ווענט, מען זאָל זיי אַריינגעבן די פּאָרציע ברויט וואָס עס קומט זיי פאַרן היינטיקן טאָג.

די אויגן פון שילייווער רב האָבן צו אים געקוקט. און פּלוצ־לינג: דאָס איז מער נישט געווען דער שילייווער רב אַזוי ווי ער האָט אים געקענט פון געטאָ, און אויך נישט דער סקעלעט

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

וואָס איז מיט אים געלעגן אויף די ברעטער פון דער נאַרע. דאָס איז געווען — אַ מענטש! אַ מענטש, אַ נאַקעטער, וואָס וועט באַלד אַוועק אין קרעמאַטאָריע. און אין די אויגן פון אָט דעם מענטש האָט ער פּלוצלינג דערזען, אַן אויפגעוויקלטן, דעם סוד פון טויט. ער האָט געזען: דאָס וואָס האָט אַמאָל באַלעבט אָט דעם סקעלעט האָט שוין צוריק דערגרייכט צו זיין מקור. קיינער דאָ, אין אוישוויץ, איז מער נישט קיין הערשער איבער דעם. די געלויטערטע דערקענטעניש האָט צו אים אַרויסגע־קוקט פון ברייט־צעעפנטע אויגן פון אַ מענטש אין אוישוויר־צער איזאָלאַציע־בלאָק. ער האָט געפרעגט:

— שילייווער רב! צוליב וועמען ראַנגלט זיך יעקב מיטן מלאך אויב זיינע קינדער זענען נישט אַריבער דעם טייך, נאָר זיי זענען געבליבן דאָ, אין דער נאַכט?

— פון אָט דער נאַכט וועט יעקב מיט זיך אַרויסטראָגן דעם נאָמען „ישראל“. דער מאָרגנשטערן וועט פריער נישט אויפ־שיינען.

פערבער האָט דערזען די ליכט: זיינע חברים, דאָרט, אין ארץ־ישראל! ער האָט דערזען די אַנטפּלעקונג. בלויז אַן אויגנבליק האָט עס גענומען. אַלץ אַרום אים איז איצט געווען געלויטערט. ער האָט מער נישט געפילט אַז ער זיצט אין זיין סקעלעט. אין אָט דער מינוט האָט ער פאַרגעסן אינעם קיום פון זיין גוף. די אויגן פון שילייווער רב זענען געווען ווי צוויי געעפנטע טויערן —

ער איז דאָרט אַריין.

פופצנטער עטאפ :

# די באפרייונג

ער איז געשטאַנען איינער אַליין. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן : ווייסע, קאַלטע האָריזאָנטן. אַרום און אַרום —

ליידיק.

דאָס טויער שטייט אָפן. קיינער גייט נישט אַרויס. קיינער איז דאָ נישט פאַראַן.

ליידיק.

אוישוויץ־פּלאַנעט — אָט דער פייער־באַלעם אויף וועלכן ער האָט זיך געפונען — ליגט איצט אַן אָפּגעקילטער, אַן אויסגעלאָשענער, און ער שטייט אויף אים איינער אַליין, איינער אַליין —

אַן איבערגעבליבענער.

די ערד ליגט פאַר זיינע אויגן — ווי אַ פאַרשטיינערטע טויטע לאַווע וואָלט איר צוגעדעקט. דאָ אָטעמט מער נישט קיין הויך פון לעבן. גאָט האָט פאַרלאָזט די דאָזיקע ערד, און אויך דער שטן האָט זי פאַרלאָזן.

ווייט און ברייט ציען זיך די בלאָקן — טויטע, פאַרשטיינטע

גרודעס. אינעווייניק, אין די בלאָקן, צווישן די קופּעס סקעלעטן אויף דער ערד, רירט זיך, דאָ און דאָרט, אַ נישט־דערשאָסענער מוזלמאַן. שטיל, פּאַמעלעך, אָן לשון, באַוועגט ער דעם אויבערטייל פון זיין קערפּער, שלענגלט אים אַרויס פון די פּגרים ווי אַ ווייסינקן רויבעלע פון אַ שפּאַלט — אַ זכר פון אַ וועלט וואָס האָט דאָ אַמאָל געלעבט.

אַ גאַנצע וועלט!

איצט שפּרייט זיך דאָ אַ טויטע ליידיקייט. ווי דער ים וואָלט פאַרשטיינט געוואָרן אינמיטן געברויז.

אַלע טויערן פון אַלע אוישוויץ־לאַגערן שטייען אָפענע. קיינער גייט אין זיי נישט אַריין, קיינער גייט פון זיי נישט אַרויס. קיינער איז דאָ נישט פאַראַן.

די ווייסע האָריזאָנטן ליגן אין די טויער־עפענונגען — פאַרשטיינטע.

ער וויל אויסשרייען: די באַפרייונג איז געקומען!

— ווו, אויף וועלכער זייט, איז זי די באַפרייונג?

ווי דער זכר פון אַ טויער־בויגן אין אַן אויפגעגראָבענער שטאָט, וואָס דו ווייסט נישט ווו איז דאָ געווען דער אַריין, און ווו דער אַרויס — אַזוי ווייסטו איצט נישט ווו, אויף וועלכער זייט פון אָפענעם טויער, איז זי, די באַפרייונג. אָט שטייסטו דאָ איצט לעבן באַרג אַש ווי דו וואָלסט צוריקגעקומען צו די דייניקע. הינטער דיר ליגט אוישוויץ — טויט, פאַרשטיינט. ליידיק. זוך דאָרט נישט קיינעם, ווסט דאָרט קיינעם נישט געפינען. ווייל אַלע, אַלע, זענען דאָ! דאָ, אויף דעם באַרג אַש. דאָ האָסטו זיי געפונען. דו האָסט צו זיי געבענקט טאָג און נאַכט. זיי זענען געווען דיין האָפענונג.

דו האָסט זיי געזוכט. מען האָט דיך פֿון זיי אָפּגעריסן. אָט שטייסטו איצט ווידער לעבן זיי. דו זעסט זיי. אָט זענען זיי, אַלע, אַלע. דו האָסט זיי ווידער געפֿונען.
עס איז געקומען די באַפֿרייונג.
— ווו, אויף וועלכער זייט פֿון אָפּענעם טויער געפֿינט זי זיך, די באַפֿרייונג?
ליידיק אין קרעמאַטאָריע. פֿאַרשטיינט. די אייזערנע אויוון־קלאַפּעס שטייען אָפֿענע, קאַלטע. דער לאַנגער שאַר־אייזן שטייט אַן אָנגעלענטער און חלומט אויפֿן ראַנד פֿון פֿינצטערן קרעמאַטאָריע־לאָך. ערשט האָט דאָ אַלץ זיך געאווישוויצט; ווי אַ ים זיינע טייפֿונעס — אַזוי האָבן זיך דאָ טאָג און נאַכט געהויבן איבער דיר די בערגער פּחד. איצט קוקט דאָ אַלץ אויס שטיל. דער לאַנגער שאַר־אייזן — ווי אַ בעקער־שויפֿל אָנגע־לענט, אידיליש, אויפֿן אויוון־ראַנד; די קרעמאַטאָריע־קלאַ־פּעס — שטומער אויסגעלאָשענער אייזן.
צווישן די שורות שטעכל־דראָטן אַרום די לאַגערן שטייט די לופֿט אַ געגליווערטע. די זעלבע עלעקטריש־געלאָדנטע שטעכל־דראָטן. איצט קאָנסטו זיי אָנרירן. סיי פֿון דער אינעווייניקסטער זייט און סיי פֿון דער אויסנווייניקסטער זייט. זיי פֿאַרשפּאַרן מער נישט קיינעם און זיי באַפֿרייען מער נישט קיינעם. ס'איז קיינער נישטאָ אינעווייניק, און ס'איז קיינער נישטאָ אינדרויסן. אַלע זענען איצט דאָ — אויף דעם באַרג אַש.
— טייערע! טייערע מיינע! עס איז געקומען די באַ־פֿרייונג.
ער האָט זיך געוואָרפֿן אויף זיי. ער האָט זיי אַרומגעכאַפּט.

ער האָט זיי געדריקט צו זיך. ער האָט זיי געקושט און געהאַלדזט — יעדן באַזונדער; יעדן פון זיין משפחה. ער איז געלעגן אויפן באַרג. זיינע אָרעמס האָבן געשטעקט טיף־טיף אין אַש.

— טייערע, אַ טייערע! עס איז געקומען די באַפרייונג!

הינטער אים איז געלעגן אוישוויץ — שטום. פאַרשטיינט.

ער האָט געשריגן. ער האָט געהערט אַ קול.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט: ס'איז געווען זיין קול וואָס האָט צו אים צוריקגעהילכט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון אַש. ער האָט געקוקט מיט די אויגן אַרום און אַרום: ער איז דאָ דער איינציקער וואָס קאָן לאָזן אָפּהילכן אַ קול. אין די שוואַרצאַפּלען פון זיינע אויגן ליגט פאַרגליווערט דער פּלאַנעט־אוישוויץ איידער ער איז געוואָרן פאַרשטיינט. און ער איז דאָ דער איינציקער וואָס קאָן די שוואַרצאַפּלען מיט זיך אַוועקפירן.

די טויערן פון די לאַגערן זענען געשטאַנען אָפענע.

ער איז געגאַנגען.

— — — און עס זענען מיט אים מיטגעגאַנגען די שטומע אוישוויצער בלאָקן און די קופּעס מוזלמענער אין זיי; די ליידיקע אַפּעל־פּלעצער, און די שטעכל־דראָטענע מויערן.

און דער אַש־באַרג, פאָרויס, האָט אים דעם וועג גע־צייכנט.

ער איז געגאַנגען — — —

און עס זענען מיט אים מיטגעגאַנגען די פאַרשטיינערטע אוישוויצער האָריזאָנטן, און דער צוריקגעשלאָגענער עכאָ פון זיי קול:

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

— — — „איך שווער, מיט מיינע הענט אַרומגעאָרעמטע אַרום אייער אַש, צו זיין אייער קול, און דאָס קול פון שטומען אויסגעברענטן קאַצעט; איך וועל נישט אויפהערן וועגן אייך דערציילן ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג.

אַזוי העלף מיר גאָט. אמן".

ער איז געגאַנגען — — —

איינער אַליין.

# זון אויף דער פּאַרק־גאַס

ער איז געשטאַנען אין קאַצעט־לבוש אַ צוריקגעקומענער פון יענער וועלט, מענטשן זענען לעבן אים פאַרבייגעגאַנגען. זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום „פיליפּס"־זייגער, נאָר דער־זעענדיק אים — איז דער בליק ביי זיי געבליבן שטעקן אין קעל.

זון אויף דער פּאַרק־גאַס אין מעטראָפּאָלי.

די נאַקעטע צווייגן פון די צוויי שורות ביימער זענען באַדעקט מיט פינקלדיקן שניי־שטויב. מענטשן גייען סיי אויף דעם טראָטואַר לינקס, און סיי אויף דעם טראָטואַר רעכטס. דער שניי בויגט זיך אַריבער פון די שילדן און פענצטער־גזימסן, דאָס ווייסקייט גלימערט ווי איבערלויפנדיקער שוים און פאַלט נישט אַראָפּ.

ער איז געשטאַנען ווי אַן אַראָפּגעפאַלענער פון אַ פרעמדן פּלאַנעט. פאַרבייגייענדיקע פרויען האָבן פאַרשנעלערט זייערע טריט, און אַהיימקומענדיק פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיך —

אַ צוריקגעקומענער פון אוישוויץ!

מען האָט געזאָגט אַז מ'האָט זיי אַלע דאָרט פאַרברענט. אין אָט די שטיבער, דאָ, האָבן זיי דאָך געוווינט. ביי אָט די טישן זענען זיי געזעסן, אין אָט די בעטן זענען זיי געשלאָפן.

זייער וועש ליגט נאָך אין די שאַפעס און זייערע מלבושים טראָגן נאָך מיר און אונדזערע קינדער; מען האָט געזאָגט אַז מען האָט זיי אַלעמען שוין פאַרברענט. זיי קומען גאָר צוריק!

ער איז געשטאַנען: אַ גאָלער, נאַקעטער קאָפּשיידל. אַ סקעלעט אין קאַצעט־לבוש. פונדאַנען פאַלט פריי דיין בליק גלייך צו דער פּאַרק־גאַס —

ער האָט געקוקט. ער האָט דאָרט געזען דעם ליקוי־חמה פון זיין וועלט.

זון אויף דער פּאַרק־גאַס. די זעלבע זון. דאָ האָט זיך גאָרנישט געענדערט. בלויז: לעצט מאָל, ווען ער איז דאָ געשטאַנען, איז געווען דער סוף פון זומער; איצט איז דער סוף פון ווינטער.

ציט —

הינטער אים, אויף די שויפענצטער פון „פּיליפּס", חלשן די פּראָסט־בלומען אונטער דעם בליק פון דער זון. די זעלבע זון. און אין דער הויך איבער זיין קאָפּ — דער זעלבער „פּיליפּס"־זייגער. נאָר זיין צייט האָט זיך פון אים אָפּגעריסן. זיין צייט איז אַרויס פון די גרענעצן, און לויפט אויף דעם ציין־ראָד פון אַן אַנדערער וועלט. איצט, ווען די צוויי באַזונדערע וועלטן טרעפן זיך צוזאַמען פאַר זיינע אויגן — דערזעט ער פּלוצלונג דעם ליקוי־חמה פון זיין לעבן.

די זעלבע פּאַרק־גאַס. מענטשן גייען אויף רעכטס; מענטשן גייען אויף לינקס, און פּלוצלונג אין דער מיט — — עס גייט די „קינדער־אַקציע"... עס גייט די „אַלטן־אַקציע"... פרוי ד"ר

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

לואיסאַן הויבט אויף די אויגן צום גאַנעק פון איר הויז, און גייט ווייטער — קיין אוישוויץ.

ציים —

דאָס יינגל לויפט אויף די אייזן־גליטשערס צווישן די צוויי שורותביימער, ער שניידט מיט זיי אין שניי ווי מיט בלאַנקע מעסער־שאַרפן. ער פּאָמפּעט זיך אָן מיט אימפּעט: רעכטס־לינקס, רעכטס־לינקס, און באַלד — גלייכער, גראַדליניקער פּלי. צוויי דינע שניט אין שניי לויפן אים נאָך ווי זילבער־שטרייפן. „מאַני! דו וועסט היינט מאַכן אַ שפּאַר ביסל קילאָמעטערס!...״ — האָט ער צו אים געוואָלט אויס־שרייען.

אַ געגייי פון מענטשן. אַז זיי דערזעען אים, לאָזן זיי אַראָפּ די אויגן, ווי זייער אייגענער געוויסן וואָלט איצט געשטאַנען אונטער דעם „פּיליפּס״־זייגער. זיי פאַרשנעלערן די טריט.

פאַרוואָס טוען זיי אַזוי?

ער איז דאָ גאָרנישט געקומען מאַנען. דאָ איז מער גאָרנישט פאַראַן פאַר אים. ער איז דאָ בלויז אַהערגעקומען אָנקלאַפּן אין אַ טיר, אַזוי ווי ער איז דאָס געווען געוווינט צו טאָן. ער האָט איצט ווידעראַמאָל געוואָלט הערן ווי טריט דערנענ־טערן זיך, עפענען פאַר אים די טיר. און דערנאָך, אין דער עפענונג, דאָס געליבטע פּנים פון זיין — —

אַ פרעמד פרויען־פּנים. אויגן־מבולבלדיק־אויפגעשטעלטע. זי האָט די טיר באַלד צוריק פאַרקלאַפּט. פאַריגלט.

פאַרוואָס טוען זיי אַזוי? ער האָט בלויז געוואָלט אַ לעצט מאָל אָנרירן די קליאַמקע פון אָט דער טיר.

ק.
צעטניק

אויף די ברייטע מאַרמאָר־טרעפּ פון קרייז־געריכט גייען פּיס אַרויף־אַראָפּ. דאָ האָט זיך גאָרנישט געענדערט. אין פראָנט, איבערן הויפּט־אַריינגאַנג, שטייט די געטין פון גערעכטיקייט און זי וועגט מיט פאַרבונדענע אויגן דאָס ווייסע שווייגעניש פון שנײי אויף איר וואָגשאָל.

„מאָני, דו וועסט היינט מאַכן אַ שפּאַר ביסל קילאָ־מעטערס...”

זיין צייט האָט זיך פון אים אָפּגעריסן. זיין צייט איז אַרוים פון די גרענעצן: דאָס איז דאָך געווען סוף־זומער 1939, און איצט איז סוף־ווינטער 1945. ווען אָט דאָס יינגל איז געבוירן געוואָרן, איז מאָני דאָ מער נישט געווען. איידער מאָני איז אַוועק אין קרעמאַטאָריע האָט ער געקריגן 10 שמיץ אויפן נאַקעטן לייב פון קאַפּאָ וואַצעק.

— — יינגל, יינגל, טו אַ קוק אויף די זייטן פון די אייז־גליטשערס, אפשר איז דאָרט אויסגעקריצט מ. פּ.? דאָס איז דער נאָמען פון אַ יינגל: מאָני פּרעלעשניק! ער האָט די אייז־גליטשערס געקריגן אַ מתנה פון זיין ברודער צו זיין זעקסטן געבורטס־טאָג. ער איז אויף זיי געלאָפן דאָ, אויף דער פּאַרק־גאַס צווישן די צוויי שורות ביימער.

אַ מיידל אין אַ פּורפּור־מאַנטל. יונג. רייף. אַ זאַפטיקער קאַרש אין שניי. זי פאַרשווינדט אינעם הויז־אַריינגאַנג. אויבן איז דאָס פענצטער. דאָס זעלבע פענצטער. אָ, ניין! דאָס קאָן נישט זיין רעניאַ זיידנער! רעניאַ איז אַוועק אין „פּופּן־הויז”; דאַניעלאַ האָט זי דאָרט געפונען אַן אַלטע זקנה.

דאָ וועט שוין קיינמאָל מער נישט דערשיינען דער ייד מיטן טלית־און־תפילין־זאַק הינטערן אָרעם. נישטאָ מער די פרומע

שול און נישטאָ מער די מעדעם־ביבליאָטעק; נישטאָ די האַנדלס־גאַס און נישטאָ מער די יידישע טרעגער מיט שטריק אַרום די לענדן, מיט מאַסיווע פּלייצעס אָנגעלענטע לעבן רווישיקע מויערן.

בלויז לעבן באַר־פּאָלסקי קאָנסטו זען דעם זעלבן אויבער־קעלנער. די זון זיצט נאָך אַלץ אויף די אַטלאַס־קלאַפּעס פון זיין שוואַרצן סמאָקינג —

„אוי, אוי, אוי, מיטאָג אין בערלין...״

זיי וועלן עסן מיטאָג אין בערלין.

דאָס יינגל, פאַרבייגייענדיק, הויבט אויף דערשראָקן־פרעגנ־דיקע אויגן צום פאָטער: טאַטינקע, ווער איז אָט דער?

— אַ קאַצעטניק.*) — ענטפערט דער פאָטער.

דער אַרבל פון זיין קאַצעט־מלבוש איז אויפגעריסן ביז צום אַקסל. ער קוקט אויף דעם זעקס־ציפערדיקן קאַצעט־נומער וואָס אויף זיין אָרעם. די בלוי־ציפערדיקע שטריכן שנירלען זיך פאַר זיינע אויגן. ציען זיך. ציען זיך. אַ בלויער טייך. זיין אָרעם איז דער דנאָ פון טייך. אַלע, אַלע. משפחה, פריינט, שטראָמען דאָרט אינעווייניק אינעם טייך. זיי לעבן דאָרט זייער לעבן. אַלע. אַלע. נאָענטע, ווייטע. עס שפּרייטן זיך דאָרט זיינע טעג, זיינע נעכט. יידישע שטעט, יידישע שטעטלעך. זיין צייט האָט זיך פון אים אָפּגעריסן. מאָדנע: זיין צייט שטראָמט סיי אינעווייניק אין דעם בלויען טייך פון

*) קאַצעטניק — מענטשן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.

זיין קאַצעט־נומער, און סיי אינדרויסן אויף דער פּאַרק־גאַס.

דער ביין פון זיין אָרעם פאַרבינדט זיי, ווי עס פאַרבינדט אַ בריק צוויי ברעגן.

קאַצעטניק! — אויסער דעם איז דאָ פון זיי אַלע קיין שום זכר נישט געבליבן, זיי שווימען אינעווייניק אין דעם זעקס־ציפערדיקן נומער פון זיין האַנט.

קאַצעטניק! — דער נייער ווייזער אויפן זייגער פון זיין צייט.

דער זייגער וואָס הענגט איבער זיין קאָפּ.

אין מעטראָפּאָלי שטעלן אַלע אָן זייערע זייגערס לויטן עלעק־טרישן „פיליפּס"־זייגער.

דאָ האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

ניין, ער איז דאָ גאָרנישט געקומען מאָנען. דאָ איז מער גאָרנישט פאַראַן פאַר אים. נאָר אַז דיין בליק פאַלט אויף די צוויי שורות ביימער פון דער פּאַרק־גאַס, קאָנסטו אים פון דאָרט נישט לייכט אָפּרייסן. נאָך־אַלעמען איז דאָך דאָ געשטאַנען דיין וויג — —

## 1

מײַן מאַמע איז געװען — — מײַן מאַמע.

װי קאָן איך דיך שילדערן — מאַמע?

מײַן מאַמע איז געװען — — די שענסטע מאַמע אויף דער װעלט!

מײַן מאַמע האָט געזאָגט:

„נײן! מײַן קלײנד־ײנגל האָט נישט אָפּגעטאָן די דאָזיקע שלעכטע זאַך...‟ זי האָט געדריקט מיט ליבשאַפֿט מײַנע קאָפּ־פּראָפּילן צװישן אירע אָפֿענע האַנט־פּלאַכן און צעשפּרײטע לאַנגע פֿינגער; אירע אויגן האָבן אַרײַנגעזונקען אין מײַנע אויגן װען זי האָט געזאָגט: „א י ך! איך האָב אָפּגעטאָן די שלעכטע זאַך! װײַל מײַן קלײנד־ײנגל איז דאָך — איך!...‟

דערנאָך האָב איך מיך געהיטן נישט צו טאָן אַ שלעכטע זאַך. װײַל איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, אַז מײַן מאַמע זאָל אָפּטאָן אַ שלעכטע זאַך.

מײַן מאַמע!

מײַן מאַמע איז געװען די שענסטע מאַמע אויף דער װעלט!

אויף איר װעג צו דער קרעמאַטאָריע האָט מײַן מאַמע מײַן

פנים געזען. איך ווייס דאָס. ווייל אויך איך, אויף מיין וועג צו דער קרעמאַטאָריע, האָב דאָס פנים פון מיין מאַמע געזען.

מאַמע, מען וויל מיר איצט געבן פאַר דיר געלט.

איך ווייס נאָך נישט וויפל דייטשע מאַרק מען צאָלט פאַר אַ פאַרברענטער מאַמע.

„מיין קליין־ייִנגל האָט נישט אָפּגעטאָן די שלעכטע זאַך...”

מאַמע, איך שפּיר דיינע אָפּענע האַנט־פלאַכן אויף מיינע קאָפּ־פּראָפּילן, מיינע אויגן זינקען אין דיינע אויגן: אמת, מאַמע, דו וואָלסט נישט גענומען געלט פאַר דיין פאַרברענטן קליין־ייִנגל?

2

מיין שוועסטער האָט געהאַט לאַנגע געלאָקטע האָר אינעם קאָליר פון אַלט־גאָלד. מיין מאַמעס הענט זענען פאַרשוווּנדן אונטער אַ ווייס־גאָלדיקער שוים בעת זי האָט זיי געצוואָגן. ביים שווענקען זיי — האָט פון מיין שוועסטערס נאַקן אַראָפּ־געשטראָמט אַ וואַסער־פאַל פון געלויטערטן גאָלד ביז צום דנאָ פון דער וואַנע.

מיין מאַמע האָט ליב געהאַט פלעכטן שלייפעלעך אין די האָר פון איר טעכטערל. זי האָט זיי געקליבן, און דערביי זיך ברומענדיק צעזונגען:

„גרינער באַנד פּאַסט צום גאָלדע־לאָק;

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

ראָזאַ באַנד — צו דער שאָקאָלאַד־קאָליר פון פּנים,
און בלויער באַנד — צו די אויגן..."

מיין שוועסטערס אויגן זענען געווען ווי בלויער הימל.

שבת אין דער פרי, פאַרן הויז, אַז די זון האָט זיך באַגעגנט מיט די האָר פון מיין שוועסטער, האָבן שכנים פון פענצטער געפרעגט:

„וועמענס זענען די האָר, קליינע גאָלדע־לאָק?"

„מיין מאַמעס". — האָט מיין שוועסטער געענטפערט.

איך האָב ליב געהאַט די האָר פון מיין שוועסטער. זי האָט זיי קיינמאָל נישט אָפּגעשוירן. זי האָט געזאָגט: „מיין מאַמעס"...

איידער מיין שוועסטער איז פאַרברענט געוואָרן אין אוישוויצער קרעמאַטאָריע, האָט מען איר פריער אָפּגעגאָלט די האָר. זיבעצן יאָר האָבן געוואַקסן די גאָלדע־לאָקס אויף מיין שוועסטערס קאָפּ. לאַנגע גאָלדע־לאָקס. זיבעצן יאָר.

צווישן אַ האָר־טראַנספּאָרט, אין זעק, אָדער אין געפּרעסטע פּיר־קאַנטיקע פּעק, ווי קאָטאָן פון אַ רייכער פּלאַנטאַציע, זענען די האָר פון מיין שוועסטער געוואָרן אַוועקטראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. זיי זענען געוואָרן אויסגעלאָדנט אין אַ פאַבריק צום אויסאַרבעטן:

— דעקעס

— ווייבע „פּאַטער"־פּאָטעלן

— טאַפּעציר־אינדוסטריע

ק.
צעטניק

ערגעץ, אין דייטשלאַנד, דעקט זיך איצט צו אַ יונגע פרוילײן מיט אַ דעקע. אַן איינצלנע, נישט־אויסגעאַרבעטע גאָלד־האָר שטעקט־אַרויס פונעם געוועב פון דער דעקע. דאָס פרוילײן שטרעקט־אויס אַן אַנטבלויזטע האַנט, ציט, ציט — —

— פרוילײן! גיב מיר די איינציקע האָר! ס'איז פון מיין שוועסטערס גאָלדע־לאָק — —

*

שוועסטער, מען וויל מיר איצט באַצאָלן פאַר דיר געלט. נאָר איך וויים נישט וויפל דייטשע מאַרקן עס זענען ווערט דיינע גאָלדע־לאָקס.

„וועמענס זענען די האָר, קליינע גאָלדע־לאָק?"...

„מיין מאַמעס"...

מאַמע, מאַמע, וויפל זענען ביי דיר ווערט דיין טעכטערלס גאָלדע־לאָקס?

מיין מאַמע זינגט זיך ברומענדיק:

גרינער באַנד פאַסט צום גאָלדע־לאָק;
ראָזאַ־באַנד — צו דער שאָקאָלאַד־קאָליר פון פנים,
און בלויער באַנד — צו די אויגן"...

מיין שוועסטער האָט געהאַט אויגן ווי בלויער הימל.

3

צווישן צענער טויזנטער שיך וועל איך דערקענען דיינעם
אַ שוך, טאַטע!

ביי דיר זענען די שיך־אָפּצאַסן קיינמאָל נישט געווען אויס־
געקרומטע.

טאַטע, דיין טראָט איז געווען אַ גלייכער.

יעדן טאָג הויפט זיך אַ נייער שיך־באַרג אויפן פּלאַץ לעבן
קרעמאַטאָריע. אָ, געדענקסט? קליינערהייט, דאָס ערשטע מאָל
זענען די האָסט מיר דערלויבט צו פּוצן דיינע שיך. איך האָב
זיי אויסגעגלאַנצט פון אויבן און פון אונטן. אוי, האָסטו
דעמאָלט פון מיר געלאַכט:

„פּאַראַן, זונעלע, אויך אַ שמוציקע זייט אויף וועלכער אַ
מענטש דאַרף טרעטן. אַז דו וועסט זיין גרויס וועסטו דאָס
פאַרשטיין"...

טאַטע, איך בין איצט אַ גרויסער.

די זון בויגט זיך איצט אַראָפּ צום שיפּוע פון הויפן שיך־באַרג
און לייכט מיר צו ווי מיט אַ טאַשן־פּראָזשעקטאָר:

שיך!

אָן אַ שיעור שיך!

אַן אויפגעריסן קינדער־שיכעלע — ווי אַ געעפנט קינדער־
מיילעכל, אויסגעשטרעקט צו אַ פולן לעפעלע אין דער מאַמעס
האַנט; אַן אויפגעריסן קינדער־שיכעלע — אַ קינדער־קעפּל,

ק.
צעטניק

מיט אויפגעריסענע אויגן, קוקט פון שיף־באַרג צו דער שיינענדיקער זון אויף דער וועלט.

דאַלעבן —

אַ שמאָל, עלעגאַנט פרויען־שיכעלע מיט אַ הויכן, דינעם אָפּצאַס, ברוין־געשיפּעט. אָפּן פון אַלע זייטן. בלויז אַ פּאָר לעדערלעך פון אויבן. די גאָלד־שריפט אויפן שאַרפן פּאָדעשווע־בויג גלאַנצט אַקעגן דער זון.

דאַלעבן —

אַ פּאַרקאַלכטער מאַנצבילישער אַרבעטס־שוך. די זון קוקט אין אים אַריין ווי אין אַ טונעל־עפענונג, אויסגעהאַקט אין אַ וויסטן שטיין־באַרג.

דאַלעבן —

אַ בערגשטייגער־שוך, אַריינגעשטאָכן מיטן שפּיץ אינעם שיפּוע פון באַרג ווי ער וואָלט געבליבן שטיין מיט אַ פּאַר־כאַפּטן אָטעם אין מיטן שטייגן: „אָ, סאַראַ פּייזאַזש!"...

דאַלעבן —

אַ פוס מיט אַ שוך — אַ פּראָטעזע ביז צום אויבערשענקל. נאַקעט און אויפגעדעקט אַקעגן דער זון.

שיף!

אָן אַ שיעור שיף!

טאַטע, צווישן צענער טויזנטער שיך וואָלט איך דערקענט דיינעם אַ שוך!

ביי דיר זענען די אָפּצאַסן קיינמאָל נישט געווען אויסגע־קרומטע —

טאַטע, דיין טראָט איז געווען אַ גלייכער.

דער זייגער
וואָס
איבערן קאָפּ

4

ווי אַזוי וועל איך פון אייך נעמען געלט פאַר מיין שוועסטער,
די „פעלד־הור" — און נישט זיין קיין אַלפאָנס?
גיט מיר — —
גיט מיר צוריק כאָטש איין איינציקע האָר פון מיין שוועס־
טערס גאָלדענע לאָקן!
גיט מיר צוריק אַן איינצלנעם שוך פון מיין טאַטן;
אַ צעבראָכן שרייפעלע פון מיין קליין ברודערלס ראָווערל;
און אַ שטויבעלע וואָס האָט גערוט אויף מיין מאַמע — —

# אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

## אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווײ און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | **ר' זלמן** |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |

| | |
|---|---|
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאַשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. וויסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאַרעליק | פון די מלינער וועלטן (נאָוועלע) |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער (עסייען) |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף־יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון — פּאָעמע |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירגון יוצאי בורשצ׳יב | ספר באָרשטשיוו |
| מנור א. | 40 יאָר הסתדרות |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| ל. אָליצקי | מיין הארץ־רייזע |
| נ. דרוזדוב | די יידן אין איטאַליע |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור אַנטאָלאָגיע |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |

**אין עברית:**

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| י. לשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פאט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. ברלנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות |
| נ. חנין | ברלה |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| אפרים אויערבך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |

# פארלאג י. ל. פרץ, רחוב אלנבי 31, תל־אביב

ק. צעטניק

דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ

נאָרוואָס דערשינען אַ נײַ בוך

פון

## ק. צעטניק

# דער זייגער וואס איבערן קאפ

פרייז: אין לאנד – 5 ל״י
אין אויסלאנד – $3\frac{1}{2}$ $

**אויסצוגן פון דער ישראל־פרעסע איבערן בוך:**

...ק. צעטניק דערגייט אין זײַן נײַעם בוך צו די פּאָעטישע הויכן פון משורר פון ספר תהילים. ס׳איז לעבנסנויטיק אַז דאָס בוך זאָל איבערגעזעצט װערן אין פרעמדע שפּראַכן און װערן אַרײַנגענומען אין אונדזערע שול־ביכער סײַ צוליב זײַן ליטעראַרישן מאַטעריאַל און סײַ צוליב זײַן היסטאָרישן װערט.

„למרחב"

...אין דעם בוך האָט ק. צעטניק דערגרייכט צו מאַקסימאַלער קװינטעסענץ אין דער קונסט פון שילדערונג און געשטאַלטונג. דאָס בוך איז אַ קאָלאָסאַלע קינסטלערישע דערגרייכונג. אַ שבועת־נדר פון מחבר פאַר װעלכן מיר בייגן דעם קאָפּ אין ערפורכט.

„ידיעות אחרונות"

...אַ נײַער דאַנטע. שטורמיש־דראַמאַטישער האַרץ־רירנדיקער סטיל... אַן אויפציטערנדיק בוך װאָס דאַרף װערן איבערזעצט און אַװעקגעלייגט װי אַ זאַכלעכער באַװײַז אויפן ריכטער־טיש פאַר די שופטים פון אייכמאַן. נישט נייטיק מער קיין עדות. דאָס בוך זאָגט אַלץ.

„מעריב"

...עס איז זיך קוים מעגלעך פֿאָרצושטעלן נאָך אַזאַ פֿאַל: אַ בוך וואָס פֿילט דיך אָן מיט צאַרנדיקן טרויער, זאָל אויך קאָנען זיין אַזוי וווּנדערבאַר שיין געשריבן ווי ק. צעטניקס „דער זייגער איבערן קאָפּ".

„דזשערוזאַלעם פּאָסט"

...אַ נייער פּרוּוו פֿון שרייבן. צמצום וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם גאַנצן אומבאַקאַנטן הינטערגרונט פֿון דער שואה. דער הויפּטהעלד פֿון ק. צעטניקס אַלע ביכער ווערט דאָ טאָטאַל מיסטעריעז, פֿירט דיך בלויז פֿון קאַפּיטל צו קאַפּיטל ווי דורך עטאַפּן אין אַ באַלאַדע.

„דבר"

...דאָס אָנרופֿן די אינטימסטע זאַכן ביים ריכטיקן נאָמען איז נישט אַ פּגם אין דער שאַפֿונג פֿון דעם גרויסן קינסטלער ק. צעטניק, נאָר פֿאַרקערט: דאָסמאָל האָט די קינסטלערישע השראה זיך אין אים אַנטפּלעקט מיט איר גאַנצער גלאָריע. זיין אויסדרוקס־קראַפֿט איז איצט שטאַרקער, שאַרפֿער און דורכדרינגלעכער.

„חרות"

...אַן אויסערגעוויינלעכער אַריינקוק אינעם תהום דורך דער פּריזמע פֿון פּאָעזיע... דאָס זען זאַכן פֿון אַן אייגענעם גאַנץ־באַזונדערן קוק־ווינקל איז איינס פֿון ק. צעטניקס שטאַרקסטע פּאָעטישע אויסדרוק־מיטלען.

„נאָוויני־קוריער"

...אַ גרויסער זכות איז צוגעפֿאַלן דעם פֿאַרלאַג מוסד־ביאַליק אַרויסגעבנדיק ק. צעטניקס בוך „דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ".

שלמה צמח

...שילדערן מיט אַזאַ אויפֿשווידערנדיקער שטילקייט און מיט אַזאַ געפּרעסטער שפּאַנונג, קאָנען בלויז יחידי־סגולה; דערצו נאָך מיט אַזאַ אינטימקייט, דאָס קען בלויז איינאיינציקער — ק. צעטניק. דער אופֿן פֿון ק. צעטניקס שרייבן פּאַסט נישט אַרונטער קיין שום ביז איצט באַקאַנטן ליטעראַרישן זשאַנער. די ליטעראַטור־פֿאָרשער האָבן באַחיזן זיך צו דערשלאָגן ביז די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון מענטשלעכן באַוווסטזיין און אונטערבאַוווסטזיין, זיי זענען אָבער נישט דערגאַנגען צו דעם אָפּגרונטיקן רעאַליזם פֿון ק. צעטניק.

ק. צעטניק איז איינער פֿון די הומאַניסטן פֿון אונדזער דור. זיינע ביכער באַשרענקען זיך נישט אין די גרענעצן פֿון ליטעראַטור. זיי זענען אַן אומשיידבאַרער חלק פֿון אונדזער פֿאָלקס־אוצר.

„הצופה"

...אַן אָריגינעל בוך סיי אין קאָנסטרוקציע, קאָנצעפּציע און סטיל. פּאָעטישע מאָדערנע פּראָזע. קורצע זאַצן. אָפּטמאָל בלויז איין וואָרט, און עס פֿייערט צו דיר אַרויס אַ שלל פֿון געוואַלדיקער סוגעסטיווער קראַפֿט.

„אַד־נאָוואַ"

...„דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ“ ווייזט אונדז דאָס קרעמאַטאָריום פֿון אוישוויץ נישט אויף אַ סטאַטיסטישן סינטעטישן שטייגער, ווי מיר זענען געוווינט ביז איצט, נאָר מיט דער געניאַקייט פֿון אַ קינסטלער, און מיט דעם אמת־געפֿיל פֿון אַן ערנהאַפֿטן מענטש. דאָס בוך דאַרף זיך געפֿינען נישט בלויז אין די הענט פֿון יענע וואָס האָבן גענומען אַנטשעדיקונגס־געלטער פֿון דייטשלאַנד, נאָר אין די הענט פֿון יעדן מענטש.

„עולם הזה“

...ק. צעטניקס נײַ בוך איז ווי אַ בילדער־גאַלעריע וואָס מאַכן דיך שטוינען מיט זייער מהות, מיט זייער ווייכקייט און שטריכן־דינקייט, און מער פֿון אַלץ מיט דעם עסטעטישן רושם וואָס זיי מאַכן אויפֿן לייענער. דאָס זענען קינסטלערישע וויניעטקעס, עקספּרעסיאָניסטיש ביזן העכסטן גראַד, געצייכנט אויפֿן פֿאָן פֿון סוף און אומקום... אוממעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן די גרויסע מאָס פֿון עמפּינדונג, איינגעהאַלטענער צײַן־פֿאַרקלאַפּטער פּאַטאָס, קינסטלערישע געשטאַלטונגס־קראַפֿט און שיינקייט — יאָ, האָר־קאַפּוירשטעלנדיקע שיינקייט — וואָס דעם מחבר איז געלונגען אַרײַנצואָטעמען אין די בלעטער פֿון דעם בוך.

„קשת“

...ק. צעטניקס ביכער זענען ווי אַן אָפּגעשלאָסענע גרופּע פֿאַר זיך, איינציק אין זייער מין. קענטיק, אַז זיי ווערן געשריבן דורכן מחבר אין אַ צושטאַנד פֿון געוואַלדיקער גייסטיקער עקזאַלטאַציע. ק. צעטניק דערמאָנט אין עריך רעמאַרקן, אָבער מערסטנטייל שטייגט ער רעמאַרקן אַריבער.

„פּנים אל פּנים“

...אַ נייער רעאַליסטישער אופֿן פֿון שרײַבן, אָבער נישט צוליב ליטעראַרישער מאָדע, נאָר אונטערן דרוק פֿון דעם באַהאַנדלטן שטאָף. ק. צעטניקס אייגנאַרטיקע סגולה ליגט אין זײַן כּוח צו קאָנען געשטאַלטיקן מיט דער דינסטער איידלסטער געשטאַלטונג זאַכן וואָס בלויז אַן אָפּנויג אויף אַ האָר קאָן צראָפּוואַרפֿן אין תהום פֿון וואולגאַריטעט. די זעלבע סגולה וואָס האָט אויך געפֿירט דעם מחבר אין זײַן פֿריערדיק בוך „דאָס הויז פֿון די ליאַלקעס“; דאָס בוך וואָס איז איבערגעזעצט אין 18 (אַכצן) שפּראַכן און איז פֿאַרשפּרייט אין אַ סך מיליאָנען עקזעמפּלאַרן איבער אַלע וועלט־טיילן.

„יעד“

...דער מחבר פֿון די ביכער „סאַלאַמאַנדראַ“ און „דאָס הויז פֿון ליאַלקעס“ וועלכע האָבן געמאַכט אויף אונדז דעם שטאַרקסטן רושם — איז איצט אַרויס מיט אַ נײַ בוך. זײַנע ערשטע ביכער האָבן אונדז איבערצייגט אַז עס איז אויך מעגלעך אַ קינסטלער, אַן אמתער קינסטלער, אַפֿילו נאָכדעם ווען אַלץ איז שוין געענדיקט. דאָס פּינטעלע ליבע וואָס האָט זיך אין אים אויפֿגעהיטן אויף אַ משונהדיקן מיסטעריעזן אופֿן און באַלויכטן זײַן גייסט — האָט גובר געווען אַלע גרוילקייטן.

אין זײַן נײַעם בוך קאָנצענטרירט דער מחבר דעם ברען־פּונקט פֿון זײַן בליק אויף די דינסטע שטריכן פֿון מענטשלעכע גלידער און אויף דעם לויטערקייט־גלאַנץ פֿון טרערן־טראָפּנס. דער דיכטער־קינסטלער וואָס זוכט אַ קלייד פֿאַר זײַן אויסדרוק, ציט דאָ אַרויף אַ וועלטס־גרויל אויף די דינסטע סכעמאַטישע פֿעדים.

„מאזניים“

...יעדע שורה אין בוך איז אַ שוויַיגנדיקער, אַצילותדיקער אויסשריי: געדענק!

דאָס בוך איז נישט בלויז אַ דערגרייכונג אויפן ליטעראַרישן געביט, נאָר אויך אַ דאָקומענט, איינציק אין זיין מין, אויף דור־דורות.

## „על המשמר"

...אַ ניי בוך פון ק. צעטניק וואָס מאַכט חיברירן דיין האַרץ חי סטרונעס. זיין שילדערונגס־בליק דערגרייט ביז תהום־טיפקייט פונוואַנען עס לייכט צו אונדז אַרויס דער מענטשלעכער פונק אַ נישט פאַרטונקלטער, אַ נישט פאַר־לאָשענער.

אין „זייגער וואָס איבערן קאָפּ" ווערן נישט געשילדערט די עצם גרויל־קייטן און שרעקנס־בילדער, נאָר די לופט וואָס הערשט אַרום זיי: די לופט וועלכע מען קאָן נישט זען און נישט אָנריַרן, נאָר מען פילט זי ווי אַן אָנגעגליט אייזן אויפן נאַקעטן לייב.

## „מעריב לנוער"

..אַ קונסט־שאַפונג, וואָס שטייגט איבער קורציאַ מאַלאַפּאַרטעס בעסטע קריגס־שילדערונג...

אַ סעריע בילדער־פּאַעמען וואָס טרייסלען אויף די טיפסטע טיפעניש פון דער נשמה...

הינטערן פסעודאָנים ק. צעטניק באַהאַלט זיך אַ יונגער יידישער שרייבער פון פוילן. געציילטע מענטשן חייסן זיין ריכטיקן נאָמען. ער וויל נישט מ'זאָל וויסן. ער וויל זיין — און איז — דער אַנאָנימער, דער אומבאַקאַנטער קאַצעטניק...

## „פאָרווערטס"

...אויסערגעוויינלעכע שילדערונגס־קראַפט, דראַמאַטישע שפּאַנונג און טיף פּסיכאָלאָגישע פאַרשטענדעניש. יעדעס קאַפּיטל איז אַ הויך פּאָעטישע שאַפונג פאַר זיך. דאָס בוך דאַרף זיך געפינען אין יעדן יידישן הויז.

## „קול העם"

ארגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ישראל

...עפּעס־ענדיק דאָס בוך האָב איך עס מער נישט געקאָנט אַרויסלאָזן פון האַנט ביז איך האָב עס געענדיקט. ק. צעטניק איז נאָך אַלץ ביז היינט דער איינציקער וואָס היט אָפּ מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ „זייגער" צו מאַכן איינשפּריצונגען אין לייב פון אונדזער דור מיר זאָלן קאָנען זיין ווידערשטאַנד־פעאיק אַקעגן דער טאָטאַלער ווידערגוטמאַכונג מיט דייטשלאַנד.

## „שערים"

ארגאַן פון דער עקסטרעם אָרטאָדאָקסישער פּאַרטיי אין ישראל

הילע געצייכנט: ש. דרורי